# אגדות פאר קינדער

צו לייענען אין שול און אין הויז.

— פון —

רפאל גוטמאַן

מיט פיל אילוסטראציעס און בילדער.



1937

היברו פאבלישינג קאמפאני

77—79 דילענסי סטריט, ניו יארק

*Printed in the United States of America*

# אינהאלטס פארצייכניש:

# עקיבא און רחל.

ערשטעס קאַפּיטל.

אַמאָל איז געווען אין ירושלים אַ רייכער איד, האָט ער געהייסן כלבא שבוע. זיין עשירות איז באַשטאַנען פון אַ סך גיטער, וואַלד און פעלד, שאָף און רינדער.

און געווען איז ביי כלבא שבוע אַ פּאַסטוך, וואָס האָט געהייסן עקיבא בן־יוסף. דערדאָזיקער פּאַסטוך איז געווען, ווי אַלע פּאַסטוכער, אַ גרויסער עם־הארץ און האָט אפילו קיין אלף־בית נישט געקענט. ער האָט אויך נישט געוואָלט לערנען און געלערנטע מענטשן האָט ער פיינט געהאַט. פונדעסטוועגן איז ער געווען אַ טרייער דינער און אַן ערלאַכער מענטש, און פאַר דידאָזיקע מעלות האָט אים כלבא שבוע געשעצט.

עקיבא פלעגט רואיק פיטערן זיינע שאָף און רינדער, אָבער אין די שטילע שעה׳ן פלעגט ער קוקן אויף דער שלאַנקער רחל׳ען, כלבא שבוע׳ס בת־יחידה. דאָס איז געווען זייער אַ שיין גאָטספאָרכטיק מיידל, וואָס האָט געהאַט זייער אַ גוט האַרץ.

רחל פלעגט אויך אַמאָל קוקן אויף עקיבא׳ן, אָבער עס פלעגט איר שטענדיק שטאַרק פאַרדריסן, וואָס ער איז אַ גרויסער עם־הארץ.

און איינמאָל, אין אַ שיינעם וואַרימען פרילינגס־טאָג, בשעת די גאָלדענע זון האָט געשמייכלט צו דעם ברייטן פרייען בלומענפעלד, האָט עקיבא פון דערווייטן דערזען, ווי רחל גייט. עקיבא האָט בעת־מעשה געפיטערט זיינע שאָף און האָט זיך שטאַרק געפרייט מיט דער זון, מיט׳ן גאָלדענעם טאָג, מיט די גרינע מחיה׳דיקע גראָזן און מיט די פריילאַכע שאָף, וואָס האָבן אויך געשפּירט דעם תענוג פון פרילינג. אָבער עקיבא האָט באַלד אַראָפּגענומען זיינע אויגן פון די פעלדער און האָט געקוקט אויף דער שיינער רחל׳ען, וואָס האָט זיך שלאַנק און לייכט באַוועגט צו אים.

אַז זי איז צוגעגאַנגען נאָענט צו עקיבא׳ן, האָט זי אים טיף אָנגעקוקט און געזאָגט:

— עקיבא דו געפעלסט מיר, אָבער דו קאָנסט נישט לערנען... דו ביזט אַן עם־הארץ, עקיבא... ווען דו וואָלסט זיך גענומען צום לערנען, וואָלט איך געוואָרן דיין ווייב.

איז עקיבא רויט געוואָרן, אָבער ער האָט רואיק געענטפערט:

— אויב דיר איז די תורה אַזוי געפעלן, בין איך גרייט יומם־ולילה תורה צו לערנען.

— עקיבא, איך וועל דיין ווייב, — האָט אים רחל אָנגענומען ביי דער האַנט, — אָבער היט דיין וואָרט.

און עקיבא האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל און געזאָגט קורץ און מיט האַרץ:

— מיין וואָרט איז הייליק...



עקיבא פאשעט זיינע שאף.

אינגיכן האָט דער אָרימער פּאַסטוך חתונה־געהאַט מ׳ט כלבא שבוע׳ם בת־יחידה.

אָבער אַז איר טאַטע האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער ביידן פארטריבן פון זיין שטוב.

האָבן זיי געדונגען אַ קליין שטיבעלע הינטערן שטאָט און געלעבט דאָרט אין אָרימקייט און דחקות.

עקיבא האָט איצט אַ סך געלערנט. געלעבט האָט ער פונ׳ם האָלץ, וואָס ער פלעגט פאַרקויפן אין מארק. אָבער מאַן און ווייב האָבן נישט געזאָרגט.

איינמאָל האָט זיי עמיץ אָנגעקלאַפּט אין טיר. האָט רחל געעפענט די טיר, איז געשטאַנען אַ פרעמדער איד, וואָס האָט זיך שטיל אָנגערופן:

— גוטע מענטשן, גיט מיר אַביסל שטרוי, מ׳יין ווייב איז קראַנק, און זי האָט נישט אויף וואָס צו ליגן.

דערהערט דידאָזיקע ווערטער, האָט עקיבא זיך אויפגע־הויבן און אַוועקגעגעבן די שטרוי פון זיין געלעגער, און געזאָגט צו זיין ווייב:

— זעסטו, פאַראַן נאָך אָרימערע מענטשן פון אונז, וואָס האָבן אפילו קיין שטרוי אויך נישט.

דער פרעמדער איד האָט געשוויגן. ער האָט בלויז גע־קוקט אויף עקיבא׳ן און געשוויגן. נאָכדעם איז ער פאַר־שוואונדן געוואָרן מיט׳ן שטרוי. דאָס איז געווען אליהו־הנביא.

## עקיבא אין דער-פרעמד.

צווייטעס קאַפּיטל

די יאָרן זיינען געגאַנגען. רחל האָט שוין געהאַט אַ זון, אָבער די אָרימקייט איז אַלץ געוואַקסן און געוואַקסן. עקיבא האָט געמוזט לערנען מער, ווי אַרבעטן. ער האָט געמוזט היטן זיין וואָרט, וואָס ער האָט אַמאָל געגעבן רחל׳ן. אַז די נויט איז שוין געווען אומדערטרעגלאַך, האָט רחל אָפּגעשניטן אירע שיינע זיידענע האָר און זיי פאַרקויפט און פאַר׳ן געלד האָט זי געקויפט ברויט אין שטוב אַריין.

עקיבא׳ס אינגעל, וואָס איז שוין אונטערגעוואַקסן, האָט געלערנט צוזאַמען מיט׳ן פאָטער און עקיבא האָט זיך גאָר־נישט געשעמט און עפטער פלעגט ער זאָגן:

— אַ שעמעוודיקער קאָן זיך קיינמאָל נישט לערנען און בלייבט אַלעמאָל אַן עם־הארץ.

און עקיבא האָט געלערנט, יומם־ולילה איז ער געזעסן על־התורה ועל־העבודה. ער האָט געלערנט פאַר דער זון, פאַר דער לבנה און האָט געלערנט פאַר די שטערן. און בשעת ער פלעגט זיך לעגן אין בעט אַ מידער און צומאַכן די אויגן, פלעגט ער אויסווייניק איבער׳חזר׳ן דאָס געלערנטע, ביז ער פלעגט איינשלאָפן.

פון דעם יונגן פאסטוך, וואס האט געפיטערט שאף אויף די פעטע זוניגע פעלדער פון כלבא שבוע׳ס גיטער, האט זיך ביסלאכווייז אויסגעארבעט א מענטש מיט א שארפן מוח און א טיפן בליק, און באקאנטע האבן שוין נישט דערקאנט דעם פריערדיקן פאסטוך.

און עס איז געקומען א צייט, ווען עקיבא האט געמוזט פארלאזן ווייב און קינד און אוועקפארן אין די גרויסע ישיבות פון ר׳ אליעזר און ר׳ יהושע און אויך ביים גרויסן חכם און געלרנטן ר׳ נחום פון דער שטאט גמזו.

צוועלף לאנגע יאר האט ער כמעט נישט געגעסן צו דער זאט, דעם דורשט נישט געשטילט און צוועלף יאר האט ער נישט געזען זיין ווייב און קינד. איצט איז שוין עקיבא אליין געווען א גרויסער למדן און אלע חכמות זיינען געווען קלאר און אפן פאר אים, ווי דער הימל, ווי די וועלט פאר א זעענדיקן. איצט איז שוין עקיבא ניט געווען קיין תלמיד, נאר אליין א רבי, וואס האט געהאט צוועלף טויזנט תלמידים.

און אט האט עקיבא איינמאל באשלאסן אראפצופארן צו זיין ווייב, וואס האט נאך אלץ געלעבט אין גרוים דחקות און נויט און מיטנעמען מיט זיך זיינע אלע צוועלף-טויזנט תלמידים. זאל זי זען, ווי זיין ווארט איז מקוים-געווארן.

דרויסן איז געשטאנען זייער א שיינער טאג. דער בלויער הימל האט געגלעט די ווארימע מזרח-ערד, ווי א מאמע איר קינד און אין דער קלארער לופט האבן זיך געבאדן גאלדענע שמעטערלינגען.

עקיבא איז געגאנגען זיין וועג מיט פעסטע טריט. הונ־געריק און דורשטיק איז ער געווען, אבער עס האט אים געטרייסט דער געדאנק, אז ער גייט צו זיין ווייב און קינד, וועלכע ער האט שוין נישט געזען גאנצע צוועלף יאר צייט.

הינטער אים האט זיך שטאלץ און רואיק געצויגן א מחנה יונגעלייט. דאס זיינען געווען זיינע צוועלף-טויזנט תלמידים, וואס האבן זיך נישט געוואלט צעשיידן מיט זייער געליבטן און טייערן רבי׳ן.

דער וועג האט זיך פארקירעוועט הינטער א בארג, און עקיבא האט געוואוסט, אז באלד וועט ער דערזען א צעדער־וועלדל און נאכדעם א גרין פעלד און נאכדעם, לינקס, ר׳ מאיר׳ס הויז מיט׳ן רויטן קוימען און נאכדעם א קליין טייכל און נאכ׳ן טייכל — זיין אייגן הייזל מיט׳ן קרומען דאך, וואס האט זיך אויסגעבויגן פון א שטארקן ווינט. דא, נעבן הייזל, זעט זיך גאנץ ירושלים, פונקט ווי אויפן דאלאניע.

עקיבא האט געמאכט שנעלערע טריט. דער אמאליקער פאסטוך און דער איצטיקער גרויסער למדן און רבי האט א ציטער געטאן און איז בלאס געווארן: ער האט דערזען זיין הייזל און נעבן הייזל זיין ווייב, וואס איז געשטאנען און געשמועסט מיט איר שכנ׳טע.

עקיבא האט זיך אפגעקערט צו זיינע תלמידים:

— שטייט דא — האט ער געזאגט א בלאסער, אבער זייער א צופרידענער — איך וועל פריער אליין צוגיין, וואַ־רים מיין ווייב קאן זיך, חלילה, דערשרעקן.

און עקיבא האָט זיך אַליין דערנענטערט צו דער ווייב, ער איז געגאַנגען מיט יענע שטילע געצוואונגענע טריט פון אַ מענטשן, וואָס די פרייד שטערט אים צו גיין.

און אָט, אַז ער איז שוין איבערגעגאַנגען דאָס טייכל, און איז שוין אַריין אינ׳ם הויכן ברעג-גראָז, האָט ער ביי אַ צוואַנציג טריט פון זיין הייזל דערהערט, ווי די שכנ׳טע האָט זיך אָנגערופן צו זיין ווייב:

— זע-נאַר, דיין מאַן האָט דיך פאַרלאָזן און די ביזט די גאַנצע יאָרן אַ לעבעדיקע אלמנה...

אָבער רחל האָט איר רואיק געענטפערט דאַרויף:

— ווען מיין מאַן וואָלט מיר געפאָלגט, וואָלט ער דאָרט געזעסן נאָך צוועלף יאָר און תורה געלערנט.

עקיבא האָט איבערגעווישט דעם שטערן, זיך אויסגע-גלייכט, אויפגעהויבן די אויגן צום הימל, געשטאַנען אַ ווײלע אינ׳ם הויכן גראָז, געקוקט אויף זיין רחל׳ן און אויף זיין הייזל מיט׳ן קרומען דאַך און נאָכדעם אַ זאָג געטאָן צו זיך:

— אַז מיין ווייב פאַרלאַנגט עס, גיי איך צוריק תורה לערנען.

און ער האָט זיך געלאָזט צוריק אין וועג אַריין...



## עקיבא קומט אַ היים.

עקיבא האָט זיך צוריקגעקערט אין דער ישיבה און גע־לערנט דאָרט נאָך צוועלף יאָר. איצט האָט ער שוין געהאַט פיר־און־צוואַנציג טויזנט תלמידים. מען האָט אים שוין נישט גערופן עקיבא, נאָר רבי עקיבא.

געענדיקט די צוועלף יאָר, האָט זיך עקיבא ווידער גע־לאָזט אין וועג אַריין צעזאַמען מיט זיינע תלמידים.

אָבער דאָסמאָל האָט זיין ווייב באַצייטנס דערהערט, אַז עקיבא מיט פיר־און־צוואַנציג טויזנט תלמידים גייט אַהיים, איז זי אים אַרויס אַנטקעגן, און אַז זי האָט אים דער־זען, איז זי אים געפאַלן אויפ׳ן האַלז.

שטייען די תלמידים און גאַפן: אַן אָרימע ווייבל האַלזט זייער גרויסן רבי׳ן. ווילן זיי זי אָפּשטויסן, אָבער רבי עקיבא הויבט־אויף אַ פּאָר שטראַלנדיקע אויגן צו די תלמידים און זאָגט:

— שטייט, קינדער! איהר זאָלט וויסן, אַז פאַר אַלץ, וואָס איך מיט אייך האָבן געלערנט, דאַרפן מיר איר דאַנקען.

דעמאָלט האָבן די תלמידים גענומען זינגען אונטער׳ן פרייען הימל און רבי עקיבא האָט שטיל געשעפּטשעט צו זיין רחל׳ען:

— איצט וועט דיר פאַר אַלץ באַצאָלט ווערן... מיין טייע־רע רחל... מיין טייערע רחל...

און רחל איז געווען די גליקלאַכסטע פרוי אין גאַנץ ארץ ישראל.

זי האָט זיך געוואַרימט אין זיין ליכט, ווי עס וואַרימט זיך אַ דערפראַרענע טויב אין די שטראַלן פון דער זון, און זיין תורה און זיין גדולה איז איר תורה און איר גדולה געווען.





זיין פרוי איז אים אנטקעגן געקומען.

## כלבא שבוע ביי רבי עקיבא׳ן.

כלבא שבוע האָט דערהערט, אַז אַ גרויסער חכם און בעל־תורה איז געקומען קיין ירושלים, איז ער געגאַנגען זיך האַלטן אַן עצה מיט אים. אָבער אַז ער האָט דערזען, אַז דערדאָזיקער גרויסער מאַן איז זיין איידעם, איז ער אים געפאַלן אויפ׳ן האַלז און נאָך אין דעם אייגענעם טאָג אַוועק־געשענקט אים אַ האַלב פאַרמעגן.

איצט האָט שוין כלבא שבוע געוואָלט וואָס גיכער פאַר־געסן, אַז ער האָט אַזוי אַמאָל געפייניקט און גע׳רודפ׳ט דעם־דאָזיקן גרויסן חכם און זעלטענעם בעל־תורה.

אָבער ער האָט עס נישט געקאָנט פאַרגעסן, ווי עס איז נישט פאַרגעסן געוואָרן ביז היינט.

פאַרגעסן האָט בלויז איין רבי עקיבא, ווי אַזוי דער שווער איז זיך מיט אים אַמאָל באַגאַנגען, ווי אַזוי ער האָט זיי געלאָזט ליידן גרוים הונגער און נויט, שלאָפן אויף שטרוי, טראָגן שמאַטעס אָנשטאָט קליידער, און רחל האָט, נעבעך, געמוזט פאַרקויפן אירע שיינע האָר צוליב אַ ביסן ברויט אין שטוב.

פאַרגעסן האָט עס רבי עקיבא און דעם שווער האָט ער אויפגענומען ליב און פריינדלאך, ווי ער האָט אויפגענומען אַלע אידן פון דעם ערשטן ביז דעם לעצטן.

דער אַמאָליקער שטילער פּאַסטוך האָט איצט געשיינט אין אַ גאָלדענער זון פון תורה, און ווי אַ זון האָט ער אַלעמען גלייך געוואַרימט און געשיינט.

אָבער די גוטע און שיינע רחל האָט געהאַט דעם גרעסטן חלק אין דערדאָזיקער זון:

עקיבא דער פּאַסטוך איז געוואָרן רבי עקיבא דער גרויסער חכם און בעל־תורה צוליב איר פעסטן בטחון און נישט געבראָכענער האָפנונג.



## די רוימישע פריצ׳טע

די חכמים אין ירושלים האָבן געבעטן רבי עקיבאַ׳ן, ער זאָל זיי באָרגן געלט ביי אַ רוימישער פריצ׳טע מיט׳ן נאָמען פוילאַ וועטאַריאַ.

געוואוינט האָט דיזאָזיקע פריצ׳טע אויפ׳ן ברעג ים. איז אַוועק רבי עקיבא צו דער פריצ׳טע און געבעטן, זי זאָל אים אויסבאָרגן אַ סומע געלט. האָט די פריצ׳טע אַ פרעג געטאָן:

— ווער וועט מיר ערב-זיין, אַז דאָס געלט וועט איינגעצאָלט ווערן צום טערמין?

— און רבי עקיבא האָט רואיק געענטפערט דערויף:

— גאָט און דער ים.

פאַר דער צייט איז רבי עקיבא קראַנק געוואָרן און דער טערמין, אין וועלכן ער האָט באַדאַרפט איינצאָלן דאָס געלט, איז געשטאַנען אין אַ סכנה.

בעדאַרף אָבער גראָד גיין אַ בת-מלכה ביים ברעג ים און בייז איז זי און שלעכט איז זי און פאַר כעס וואַרפט זי אין ים אַריין איהר קעסטעלע מיט געלד. כאַפּט אַ כוואַליע דאָס קעסטעלע און שפּייט עס אַרוים אויפ׳ן ברעג.

אין דער אייגענער צייט גייט די רוימישע פריצ׳טע ביים ברעג ים. זי גייט צו רבי עקיבאַ׳ן מיט אַ תביעה, פאַרוואָס ער האָט איר נאָך דאָס געלט נישט געבראַכט. פלוצלונג

אבער דערזעט זי אַ קעסטעלע אויפ׳ן ברעג. הויבט זי עס אויף און געפינט דערין אַ שלל געלט.

אַז רבי עקיבא איז געזונט געוואָרן, גייט ער נאַטירלאַך, צו דער פריצ׳טע באַצאָלן דעם חוב, ווייל זי אָבער ביי אים ניט נעמען דאָס געלט. פאַרקערט, זי וויל, ער זאָל נאָך נעמען אַ חלק פונ׳ם געלט, וואָס זי האָט געפונען.

האָט רבי עקיבא דאָס געלט גענומען און צעטיילט צווישן אָרימע אלמנות און יתומים.

פון דעמאָלט־אָן פלעגט רבי עקיבא שטענדיק זאָגן:

„ווי גאָט מאַכט, איז אַלץ צו גוטן“.

איינמאָל איז רבי עקיבא געווען אין וועג נישט ווייט פון אַ שטאָט, און האָט געגעכטיקט אונטערן פרייען הימל. ביינאַכט האָט אַ לייב צעריסן זיין אייזל, אַ קאַץ האָט דער־שטיקט זיין האָן, וואָס פלעגט אים וועקן באַגינען צום לער־נען, און דער ווינט האָט פאַרלאָשן זיין ליכט, וואָס פלעגט אים באַלייכטן דעם ספר צום לערנען.

אָבער רבי עקיבא האָט אַלץ געזאָגט:

„ווי גאָט מאַכט, איז אַלץ צום גוטן.

אינדערפרי האָט זיך רבי עקיבא דערוואוסט, אַז גזלנים זיינען די אייגענע נאַכט באַפאַלן די נאָענטע שטאָט, און די איינוואוינער אוועקגעפירט אין געפאַנגענשאַפט.

אָבער רבי עקיבא איז געראַטעוועט געוואָרן, ווייל אין דערפינסטער האָבן די גזלנים אים נישט באַמערקט און דער אייזל מיט׳ן האָן האָבן נישט געשריען. האָבן אים די גזלנים קיין שום שלעכטס נישט געטאָן.

## רבי עקיבא און זיין זון.

איינמאָל איז קראַנק געוואָרן רבי עקיבא׳ס זון — רבי שמעון. אָבער דער פאָטער האָט נישט אויפגעהערט צו לערנען, נאָר עפטער געשיקט זען, צי דער זון בעסערט זיך.

איינמאָל איז געקומען דער שליח און געזאָגט:

— ער איז זייער קראַנק...

אָבער רבי עקיבא האָט ווייטער געלערנט

איז געקומען אַ צווייטער שליח און געזאָגט, אַז דער זון איז ערגער געוואָרן. נאָר רבי עקיבא האָט געטאָן דאָס זייניקע — ער האָט געלערנט.

צולעצט איז געקומען דער לעצטער שליח און געזאָגט:

— רבי, דיין זון איז נפטר געוואָרן.

עס איז געווען אַ גרויסע לויה און מען האָט היים מספיד-געווען דעם נפטר.

דעמאָלט האָט זיך רבי עקיבא געשטעלט אויף אַ הויכער באַנק און פשוט און נאַטירלאַך זיך אָנגערופן:

— ברידער, אידן! מיר האָבן מקבר-געווען מיין זון — פונדעסטוועגן בין איך געטרייסט צוליב דעם גרויסן כבוד וואָס איר האָט מיר אָנגעטאָן, נישט חלילה, ווייל איך בין אַ חכם — פאַראַן גרעסערע חכמים פון מיר, און נישט ווייל איך בין רייך — פאַראַן רייכערע פאַר מיר. אויב צוליב עקיבא׳ן זיינט איר געקומען — זיינען פאַראַן אַ סך עקיבא׳ס אין גאַס! נאָר איך ווייס, אַז איר זיינט געקומען פון מצוה-וועגן און לכבוד דער תורה, און דערפון בין איך געטרייסט.

## ל״ג בעומר.

אין לאַנד איז געווען אַ גרויסע מגפה און מענטשן זיינען געפאַלן ווי פליגן. אויך פון רבי עקיבא׳ס פיר־און־צוואַנציג טויזנט תלמידים איז דער גרעסטער טייל אוסגעשטאָרבן. געווען איז דאָס אין די ספירה־טעג, צווישן פסח און שבועות. דעמאָלט איז אויסגעפאַלן איין טאָג, אין וועלכן עס איז נישט געשען קיין איין טויט־פאַל צווישן רבי עקיבא׳ס תלמידים. דאָס איז געווען די דריי־און־דרייסיגסטע ספירה, ל״ג בעומר. דעריבער ווערן אַלע ספירה־טעג געהאַלטן פאַר טרויער־טעג. נאָר ל״ג בעומר איז פאַרבליבן אַ פרייליכער טאָג, אַ יום־טוב ביי אַלע אידישע קינדער, וואָס לערנען אין שולן. ווייל צוליב רבי עקיבא׳ן זיינען אויך זיינע תלמידים באַליבט געווען ביי אידן.

רבי עקיבא איז געווען באַליבט ביי אַלע אידן, נישט בלויז פאַר זיין גרויסקייט אין תורה, נאָר אויך דערפאַר, ווייל ער האָט זיך געהאַלטן זייער פשוט און האָט נישט גע־זוכט קיין כבוד. ער איז געווען זייער אַ באַשיידענער מענטש.

אָט דאָס זיינען רבי עקיבא׳ס ווערטלאַך: „ווער עס האַלט זיך גרויס פאַר זיינע ידיעות אין דער תורה, איז גע־גליכן צו אַ נבלה, וואָס ליגט אויפ׳ן וועג, און יעדער דורכ־גייער קערט זיך אָפּ פון איר״.

„שטענדיק זאָלסטו אויסקלייבן אַ נידעריגערן אָרט, ווי דו פאַרדינסט, וואָרום בעסער זאָל מען זאָגן: „גיי־אַרויף״, איידער „גיי־אַראָפּ״.

## רבי עקיבאס ליבע צו מענטשן.

רבי עקיבא איז געווען זייער אַ גוטער און איז שטענדיק גרייט געווען צו העלפן יעדן מענטשן מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט.

איינמאָל האָט ער געטראָפן אַ מענטשן שוואַרץ ווי קויל. דערדאַזיקער מענטש האָט געטראָגן אַ בינטל האָלץ און האָט זיך בעת־מעשה שטאַרק געאיילט.

שטעלט אים רבי עקיבא אָפּ און פרעגט אים:

— זאָג מיר, מיין קינד, וואָס צווינגט דיך אַזוי שווער צו אַרבעטן? ביזטו אַ קנעכט און האָסט אַ בייזן האַר, וועל איך דיך אויסקויפן; ביזטו אָרים און מוזט ביטער אַרבעטן, וועל איך זען דיר העלפן.

אָבער דער מענטש האָט זיך אָנגערופן מיט גרויסע טראָפּנס שוויים אויפ׳ן שטערן:

— נישט דאָס און נישט יענעס. זאָלסט וויסן, אַז איך בין שוין לאַנג געשטאָרבן, און פאַר מיינע גרויסע עבירות בין איך געצוואונגען אַלע טאָג אָוועקצולעגן אַ גרויסן שייטער־הויפן אויף זיך אַליין צו פאַרברענען. דאָס קום איך אָפּ דערפאַר, ווייל ביי מיין לעבן האָב איך שלעכט באַהאַנדלט אָרימע־לייט. לאָז מיך גיין, וואָרום דער שטן וועט מיך פאַרמוטשן, אויב איך יועל מיך פאַרשפּעטיקן.

— קאָן מען דיר גאָרנישט העלפן? — האָט רבי עקיבא ווידעראַמאָל געפרעגט.

— כמעט אונמעגלאך, — האָט דער געשטאָרבענער גע־ענטפערט. — מען האָט מיר געזאָגט, אַז צו מיינע יסורים וועט נעמען אַ סוף נאָר דאַמאָלט, ווען מיין זון וועט זיין א צדיק, נאָר איך האָב גאָר קיין האָפנונג נישט דאָרויף.

דעמאָלט האָט רבי עקיבא זיך נאָכגעפרעגט, ווי דער מענטש הייסט, ווי זיין ווייב הייסט און וואו זי וואוינט.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז רבי עקיבא געקומען אין יענער שטאָט, האָט זיך דערפרעגט צו דער אלמנה, און גע־נומען לערנען מדריך־זיין איר זון. און געפאַסט האָט ער פערציג תעניתים און טאָג און נאַכט האָט ער תפלה־געטאָן צו גאָט, ער זאָל בענטשן זיין אַרבעט.

אינגיכן האָט שוין דעם רשע׳ס זון געקאָנט דאַוונען. ווען ער איז געקומען אין שול און האָט אַרויסגערעדט די ווער־טער: „יתגדל ויתקדש“, האָט זיין פאָטער זיך באַוויזן צו רבי עקיבא׳ן און האָט אים געדאַנקט, וואָס זיין זון האָט אים אַרויסגעפירט פון גיהנם.



# רבי עקיבא און די תורה.

איינמאָל האָט דער מלך פון רוים אַרויסגעגעבן אַ גזירה, אַז אידן זאָלן נישט לערנען קיין תורה. איז געקומען איינער פּאַפּוס, דער זון פון יהודה און האָט געטראָפן רבי עקיבא׳ן, ווי ער זיצט זיך גאַנץ געמיטלאַך און לערנט תורה מיט אַ גרויסער עדה אידן.

זאָגט צו אים פּאַפּוס:

— עקיבא, דו האָסט גאָרנישט קיין מורא פאַר׳ן מלך?

הויבט־אויף רבי עקיבא די אויגן און רופט זיך אָן:

— פּאַפּוס, מען זאָגט, אַז דו ביזט זייער אַ קלוגער, אָבער מען זעט עס נישט. דו ווייסט, אַ פוקס איז געשטאַנען ביים ברעג טייך זעט ער, ווי די פיש אין וואַסער לויפן־אַרום אונרואיק, באַוועגן זיך הין־און־הער. פרעגט ער זיי: „פאַר וועמען אַנטלויפט איר דאָס אַזוי?“ ענטפערן זיי: „מיר אַנטלויפן פאַר די אַלערליי נעצן, וואָס מען פאַרוואַרפט אין וואַסער, צו כאַפּן אונז“. זאָגט צו זיי דער פוקס: „ווייסט איר וואָס, פאָלגט מיר, גייט־אַרויס צו מיר אויף דער יבשה, וועלן מיר זיך לעבן פריינדלאַך צוזאַמען, ווי מיינע עלטערן האָבן אַמאָל מ׳ט אייך געלעבט“. ענטפערן אים די פיש: „אי, דו פוקס, מען זאָגט אויף דיר, אַז דו ביזט דער קליגסטער פון אַלע חיות,—לסוף ביזטו גאָר אַ נאַר, הער נאַר

אַליין, אויב דאָ אין וואַסער, אינ׳ם מקום פון אונזער לעבן, זיינען מיר אָנגעזאַפּט מיט סכנה און שרעק, ווי־זשע וועט שויז זיין, אַז מיר וועלן אַרויסגיין אויף דער יבשה, אינ׳ם מקום פון אונזער טויט?“

— און מיט אונז איז אויך אַזוי, — האָט רבי עקיבא ווייטער געזאָגט, — בשעת מיר לערנען תורה, וואָס איז אונזער לעבן, שרעקן מיר זיך, אָבער אַז מיר הערן־אויף צו לערנען תורה, באַדאַרפן מיר דאָך אודאי און אודאי מורא האָבן.



## רבי עקיבא׳ס טויט.

געשטארבן איז רבי עקיבא, ווי א קדוש. די רוימער האבן אים פארשמידט אין קייטן, ארייגעווארפן אין א פינ־פטערער פייכטער און קאלטער תפיסה און א לאנגע צייט אים דארט אפגעהאלטן.

געלעגן איז רבי עקיבא אויף נאסן שטרוי, געגעסן האט ער ברויט מיט וואסער.

א סך שווערע יארן האט רבי עקיבא פארבראכט אין דער קבר־תפיסה. דארט האט מען נישט געזען די זון און אויף די ווענט איז געלעגן א קלעפיקע פייכטקייט. אבער אויך אין תפיסה האט ער געלערנט און אין דער תורה האט ער געפונען א טרייסט אין זיין עלענד.

לסוף איז רבי עקיבא פאר׳משפט געווארן צום טויט צוזאמען מיט נאך ניין אידישע חכמים, וואס ווערן גערופן „עשרה הרוגי מלכות“ (צען, וואס זיינען דער׳הרג׳עט גע־ווארן דורך דער רעגירונג). דאס זיינען געווען: רבי שמעון בן גמליאל, רבי ישמעאל כהן גדול, רבי חנינה בן תרדיון, רבי יהודה בן בבא, רבי יהודה בן דמא, רבי חוצפית המתורגמן, רבי חנינה בן חכינאי, רבי ישבב הסופר און רבי אליעזר בן שמוע.

די רוימישע תלינים האבן אים געשונדן די הויט מיט אייזערנע קאמען און צוואנגען. דערויף האט רבי עקיבא

אַרויסגעזאָגט די צוויי ווערטער: „שמע־ישראל", און ביים דריטן וואָרט „אחד" איז אים די נשמה אויסגעגאַנגען. דעמאָלט איז אַרויס אַ בת־קול פון הימל: „וואויל איז דיר, עקיבא, דו ביזט פאַרזיכערט מיט עולם־הבא."

די רוימער האָבן באַגראָבן רבי עקיבא'ס קערפּער אין תפיסה. דעמאָלט איז אינדערשטיל געקומען אליהו הנביא און צוזאַמען מיט רבי עקיבא'ס טרייען תלמיד רבי יהושע, זיינען זיי אַריין אין תפיסה, אַרויסגענומען דעם טייערן מת און איבערגעטראָגן אין אַ הייל. דאָרט האָבן זיי געמאַכט אַ געלעגער, אַריינגעשטעלט אַ טיש, אַ שטול און אַ לאָמפּ. נאָכדעם האָבן זיי פאַרמויערט דעם אַריינגאַנג אין הייל, אַז קיינער זאָל קיינמאָל דאָס אָרט נישט געפינען און זיי זיינען פון דאָרט אַוועק.

רבי עקיבא האָט געלעבט הונדערט און צוואַנציג יאָר.

אַזוי האָט געלעבט, געלערנט און געשטאָרבן דער גרויסער אידישער געלערנטער, דער צדיק און חכם רבי עקיבא בן יוסף.



# הלל הזקן.

אַמאָל האָבן אין בבל געלעבט צוויי ברידער — הלל און שבנא.

געשטאַמט האָבן זיי פון זייער אַ געהויבענער משפחה, פון גרויסן אידישן יחוס: זייער פאָטער איז אַרויסגעקומען פון די שענסטע משפחות פון שבט בנימין, און זייער מוטער האָט געשטאַמט פון שבט יהודה. זי איז געווען אַן־אור־אוראייניקל פון דוד המלך.

שבנא איז געווען אַ גרויסער סוחר און הלל האָט געלערנט תורה. טאָג און נאַכט איז ער געזעסן און געלערנט.

אין דערדאָזיקער צייט האָבן די גרויסע אידישע חכמים, שמעיה און אבטליון מיסד־געווען אין ירושלים אַ ישיבה, וואָס איז באַלד באַרימט געוואָרן אין אַלע אידישע שטעט און שטעטלאַך און דער נאָמען פון דערדאָזיקער ישיבה איז דערגאַנגען אויך צו הלל׳ן אין בבל.

פון דעמאָלט־אָן האָט הלל נישט געקאָנט רוען, ער האָט נעכט נישט געשלאָפן און כסדר געקלערט, ווי אַזוי קומט מען אַהין, אין דער ישיבה אין ירושלים.

איינמאָל האָט הלל גע׳פועל׳ט ביי זיך צו דערציילען זיין ברודער שבנא וועגן דער ישיבה.

זאָגט צו אים שבנא:

— די תורה איז דאָך אומעטום דיזעלבע, צי וואָס דאַרף מען דאָס פאָרן אַזש קיין ירושלים לערנען תורה?

זאָגט הלל:

— אין דער ישיבה זיינען דאָ גרויסע חכמים, זיי גיבן גוט צו פאַרשטיין, און מען האָט אַ גרויסע פעולה אין לערנען. דעריבער בעדאַרף מען פאַרוואָגלט ווערן אין אַ מקום־תורה; נישט אומזיסט האָט דער נביא געזאָגט: „פון ציון וועט אַרויסקומען די תורה און גאָטס רייד — פון ירושלים.

נאָר שבנא גיט זיך ניט אונטער:

— אָבער וואָס איז איצט פאַר אַ צייט? — האָט ווייטער שבנא זיך געוואונדערט. — ווער גייט עס איצט אין אַזאַ ווייטן וועג? עס הויבט זיך דאָך אָן דערווינטער, די וועגן זיינען שלעכט!

און הלל איז פאַר׳עקשנ׳ט:

— זאָלסט וויסן, ברודער, אַז לערנען תורה טאָר מען קיין מאָל נישט אָפּלעגן, טאָמער וועט מען נאָכדעם נישט באַוויזן. אויב נישט איצט, טאָ ווען־זשע?

זעט שבנא, אַז ער קאָן הלל׳ן נישט אָפּריידן פון גיין קיין ירושלים, ווערט ער בייז אויף אים און זאָגט מיט כעס:

— קיין געלד דערויף וועסטו ביי מיר נישט קריגן!

און האָט בייז אַ פיר געטאָן מיט די הענט.

נאָך דעמדאָזיקן שמועס מיט׳ן ברודער האָט הלל געזען, אַז קיינער וועט אים נישט געבן קיין ריכטיקע עצה, וואָרום אפילו זיין אייגענער ברודער רעדט אים נאָך אָפּ פון זיין טייערן פּלאַן — גיין לערנען תורה.

און ער האָט זיך אָנגערופן צו זיך אַליין:

„אויב איך אַליין וועל פאַר זיך נישט טאָן, ווער־זשע וועט פאַר מיר טאָן?

און סאַמע צו מאָרגנס האָט הלל זיך געלאָזן אין וועג אַריין.

אין ירושלים איז הלל׳ן נישט אַזוי גרינג אָנגעקומען דאָס לערנען. ער האָט געמוזט אַרבעטן צו פאַרדינען אויפ׳ן עסן און צאָלן דעם שומר פון דער ישיבה, ער זאָל אים אַריינלאָזן.

האָט ער זיך פאַרדונגען פאַר אַ האָלצהעקער, און פלעגט קריגן אַ שקל אַ טאָג. פלעגט ער אַ האַלבן שקל געבן דעם שומר, און דער צווייטער האַלבער פלעגט גיין אויף חיונת.

האָט איינמאָל געטראָפן, אַז הלל האָט קיין אַרבעט נישט געפונען, איז ער געקומען אין ישיבה און געבעטן דעם שומר, ער זאָל אים היינט אַריינלאָזן אָן געלד. האָט אָבער דער שומר נישט געוואָלט הערן און געדיינקען.

**וואס טוט מען?**

קריכט הלל אַרויף אויפ'ן דאַך פון דער ישיבה, לייגט צו דאָס אויער צום פענסטערל און הערט זיך צו מיט אַלע חושים, ווי מען לערנט אינווייניק.

געווען איז דאָס פרייטאָג-צו-נאַכט. אַ געדיכטער שניי איז געפאַלן פון אויבן. דרויסן איז געווען קאַלט. אַלע מענטשן זיינען געזעסן אין די הייזער ביי די וואַרעמע אויווענס, געגעסן און געטרונקען און זיך געלאָזט וואויל גיין, אָבער הלל איז געלעגן אויפ'ן דאַך און מיט גרויס דורשט געשלונגען די ווערטער פון די חכמים. ביסלאַכווייז האָט דער שניי אים פאַרדעקט פון קאָפּ ביז די פיס, אָבער ער האָט דעם שניי ניט געפילט און די קעלט ניט געשפּירט, וואָרום ער איז געווען פאַרטיפט אין די הויכע וועגן פון לערנען.

באַגינען זאָגט שמעיה צו אבטליון:

— פאַרוואָס איז דאָ עפּעס אַזוי פינסטער? עס איז דאָך שוין גרויסער טאָג?

און באַלד דאַרויף הויבן זיי אויף די אויגן צום פענסטער, זעען זיי, אַז דאָרט ליגט אַ מענטש. גייט מען אַרויף אויפ'ן דאַך, שאַרט מען אָפּ דעם שניי — געפינט מען הלל'ן אַ פאַר'חלש'טן.

האָט מען אים אַראָפּגענומען, אַרומגעוואַשן, אויסגעשמירט מיט בוימאייל און אַוועקגעזעצט נעבן פייער, צו דערוואַרעמען אים.

דעמאָלס האָבן די חכמים געזאָגט:

— דערדאָזיקער איז ווערט, מען זאָל צוליב אים מחלל־שבת־זיין.

פון דעמאָלט אָן האָבן שמעיה און אבטליון אָנגעזאָגט דעם שומר, ער זאָל אַריינלאָזן הלל׳ן אָן געלד. הלל האָט זיך זייער געפרייט, וואָס ער האָט איצט געקאָנט זיצן רואיג און לערנען.

מיט דער צייט איז ער אַזוי גרויס און באַרימט געוואָרן, אַז ער איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אַ נשיא ביי אידן. און גערופן האָט מען אים שוין הלל הנשיא.

צו הלל׳ן פלעגן קומען אַ סך תלמידים, ער זאָל זיי לערנען. אַפילו אַלטע לייט פלעגן קומען צו אים לערנען תורה, און האָבן זיך נישט געשעמט צו זיצן אינאיינעם מיט קינדער, וואָרום ער האָט געלערנט:

— אַ שעמעוודיקער קאָן קיין תורה נישט לערנען.

הלל האָט זיינע תלמידים מקרב געווען און געלערנט זיי און יעדע זאַך זיי מסביר־געווען מיט גרויס חכמה.

איינמאָל, ווען הלל איז געגאַנגען זיך באָדן, זאָגט ער צו זיינע תלמידים:

— איך גיי טאָן אַ גרויסע מצוה.

פרעגן אים די תלמידים:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מצוה?

ענפערט הלל:



הלל ליגט אויפ׳ן דאך פון דער ישיבה און הערט זיך צו ווי מען לערנט.

— דער מענטש איז דאך באשאפן געוואָרן אין גאָטס געשטאַלט איז דאך דעם מענטשנס גוף אַ געטלאך בילד, דעריבער איז אַ מצוה עס אָפּצוהיטן, עס זאָל נישט פאַרשמוצט ווערן. אויב מען היט אָפּ, אַ שטייגער, אין די מוזעאומס די בילדער, וואָס גרויסע מאָלערס האָבן געמאָלט, באַדאַרף מען דאך דאָס בילד, וואָס גאָט האָט געמאָלט, אודאי און אודאי אָפּהיטן פון שמוץ.

זיין גאַנץ געזונט האָט ער אַריינגעלייט אינ'ם לערנען מיט די תלמידים. ער פלעגט זיי צוגעבן חשק און באַגייס־טערונג און עפטער פלעגט ער זאָגן:

„קיין עם־הארץ קאָן קיין חסיד נישט זיין, און אַ נישט־געלערנטער קאָן נישט זיין פרום!"

הלל'ס תלמידים פלעגן געדיינקען זיינע רייד, וואָרום ער האָט שטענדיק געבראַכט משלים, כדי מ'ען זאָל אים בעסער פאַרשטיין און געדיינקען. אזוי, וועגן אַ מענטשן, וואָס צאָלט־אָפּ מיט שלעכטס פאַר גוטס, האָט הלל איינמאָל גע־זאָגט אזאַ משל:

— יעגערס האָבן זיך געיאָגט נאָך אַ הירש. איז דער הירש אַנטלאָפן און זיך באַהאַלטן אונטער אַ בוימל, און די יעגערס האָבן אים נישט געקאָנט געפינען. האָט דער הירש דערוייל גענומען עסן די בלעטער פון בוים, וואָס האָט אים פאַרבאָרגן. אָבער אַז דער הירש האָט אָפּגעגעסן די בלעטער, איז ער באַלד אויפגעדעקט געוואָרן און די יעגערס האָבן אים געפאַנגען.

הלל האָט געהאַט זייער אַ גוטן תלמיד, וואָס איז אָבער געווען אַ בייזער מענטש פון נאַטור, האָט ער אים געוואָלט אָפּגעוואוינען פון דערדאָזיקער מידה.

פלעגט הלל על־פּי־רוב זאָגן:

—אַזוי ווי אַ שעמעוודיקער קאָן זיך נישט אויסלערנען, אַזוי קאָן אַ בייזער יענעם נישט לערנען.

צוליב דעם האָט הלל איינמאָל דערציילט זיינע תלמידים אַזאַ משל:

— אַ רויזן־שטרויך איז געוואַקסן נישט ווייט פון אַן עפּל־בוים. איז דער רויזן־שטרויך געווען זייער שטאָלץ, וואָס מענטשן ליבן אים, און האָט איינמאָל אַזוי געזאָגט: „ווער קאָן זיך פאַרגלייכן צו מיר? מיינע בלומען זיינען אי שיין, אי שמעקעדיק.“

ענטפערט אים דער עפּל־בוים: „אָבער ווען דו גיסט דעם מענטשן דיינע בלומען, מוזטו אים פריער אַ שטאָך טאָן מיט דיינע דערנער, אָבער איך גיב מיינע פּירות אפילו אַזעלכע מענטשן, וואָס וואַרפן אויף מיר שטיינער.

דער תלמיד, האָט פאַרשטאַנען דעם פּירוש פון הלל׳ס ווערטער, און פון דעמאָלט־אָן האָט ער זיך פאַרבעסערט.

איינמאָל איז געקומען אַ גוי צו שמאי און זיך אָנגערופן:

— איך וויל זיך מגייר־זיין, אָבער מיט׳ן תנאי, דו זאָלסט מיר אויסלערנען די גאַנצע תורה אייערע אַט ווי איך שטיי— אויף איין פוס.

דערהערט דידאָזיקע ווערטער, איז שמאי בייז געוואָרן און האָט אים אַרויסגעטריבן. דעמאָלט איז ער אַוועק צו הלל׳ן און האָט אים אויך דאָסזעלבע געזאָגט:

— לערן מיך אוים אייער תורה אויף איין פוס.

האָט הלל געענטפערט:

— גוט, מיין קינד, איך וועל דיר אויסלערנען: וואָס דיר איז נישט ליב, זאָלסטו דיין חבר נישט טאָן. דאָס איז די גאַנצע תורה אונזערע, דאָס איבעריקע איז נאָר אַ פירוש. אַז דו ווילסט — לערן.

הלל האָט אַזוי ליב געהאַט מענטשן, אַז אים האָט זיך גאָרנישט געגלויבט — מענטשן זאָלן קאָנען טאָן שלעכטס איינאַנדער און אַז עמיץ פלעגט אים אַמאָל זאָגן — דער און דער האָט מיר שלעכטס געטאָן, פלעגט ער דערויף באַמערקן:

— זאָלסט שטענדיק אויסרעכענען דיין חבר צו גוטן.

* *

איינמאָל האָט הלל פאַרבעטן צום מיטאָג אַ שיינעם בעל-הבית, דאָס ווייב האָט צוגעגרייט גוטע מאכלים, אָבער אַז זי האָט געוואָלט דערלאַנגען צום טיש, איז אַריינגעגאַנגען אין קיך אַן אָרימאַן. האָט זי אויף אים רחמנות געקראָגן און אַוועקגעגעבן דעם אָרימאַן דעם גאַנצן מיטאָג.

לאַנג האָט הלל געווארט אויפ׳ן מיטאָג, ביז דאָס ווייב האָט צוגעגרייט אַן אַנדער מיטאָג און אַריינגעבראַכט. האָט ער זי געפרעגט:

— זאָג מיר נאָר טאָכטערל, פאַרוואָס האָסטו היינט פאַרשפּעטיקט מיט׳ן מיטאָג?

האָט דאָס ווייב אים דערציילט די סבה, איז הלל׳ן ליכ־טיק געוואָרן פון שמחה דאָס פּנים און ער האָט געזאָגט:

— איך האָב דיך באַלד אויסגערעכנט צום גוטן.

אַמאָל האָט מען הלל׳ן דערציילט אויף אַ מענטשן, אַז ער האָט גע׳גנב׳עט ברויט. האָט ער געהייסן, מ׳זאָל דעם־דאָזיקן מענטשן ניט פאַרשעמען, נאָר מען זאָל בעסער זיך דערוויסן, פון וואַנען דער מענטש לעבט. האָבן הלל׳ס תלמידים זיך דערוואוסט, אַז דער מענטש האָט שוין דעם טאָג קיין שטיקל ברויט נישט געהאַט אין שטוב, און זיין ווייב און קינדער גייען־אוים פון הונגער. האָט הלל געהייסן, מען זאָל אים אַלע טאָג אריינשיקן צום עסן און טרינקען פאַר זיין גאַנץ הויז־געזינט, און דערביי האָט ער זיך אָנגע־רופן צו זיינע תלמידים:

— געדיינקט, איר זאָלט נישט משפּט׳ן אייער חבר, ווי־באַלד איר געפינט זיך נישט אין זיין לאַגע.

* *

מען דערציילט, אַז הלל׳ס ליבשאַפט צו מענטשן איז געווען אַזוי גרוים, אַז ווען איינער אַ רייכער מענטש איז געוואָרן אַ יורד און האָט נישט געהאַט פון וואַנען צו לעבן, האָט הלל אים געגעבן נישט בלויז צו עסן און צו טרינקען, נאָר ער האָט אים אויך געקויפט אַ קאַרעטע און געדונגען מענטשן צו באַדינען אים.

— ווייל ער איז אַזוי געוואוינט, — האָט הלל געזאָגט.

און ווען הלל האָט איינמאָל נישט געקראָגן קיין באַדינער פאַר דעם מענטשן, האָט ער אַליין אים באַדינט.

* *

איינמאָל האָט הלל געפרעגט ביי זיינע תלמידים:

— אַז אַ מענטש פאַרמאָגט טויזנט רענדלאך, און ער גיט אַוועק דריי הונדערט פאַר אָרימע־לייט, — וויפיל רענדלאך בלייבט אים?

האָבן די תלמידים געגאַפט:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ שאלה — עס בלייבן אים זיבן־הונדערט רענדלאך.

אָבער הלל האָט גוטמוטיק אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— איר האָט אַ גרויסן טעות, — דעם מענטשן בלייבן נאָר די דריי־הונדערט רענדלאך, וואָס גאָט פאַררעכענט דאָס פאַר צדקה, די איבעריקע זיבן־הונדערט זיינען דאָך נישט זיינע. אָדער זיינע קינדער וועלן דאָס צונעמען נאָך זיין טויט, אָדער גנבים, צי גזלנים וועלן דאָס אוועקנעמען, אָדער עס וועט פאַרברענט ווערן. איר זאָלט וויסן זיין, קינדער, — האָט ער ווייטער געזאָגט, — דער עיקר פאַרמעגן פון מענטשן איז ניט דער קאַפּיטאַל, וואָס ער האָט אין קעשענע, נאָר יענע געלט, וואָס ער צעטיילט פאַר נאַקעטע און הונגעריקע.

און נאָכדעם האָט ער צוגעגעבן:

—אויב איך וועל נאָר זאָרגן וועגן זיך, טאָ צו וואָס טויג איך?—

*

הלל איז קיינמאָל נישט געווען באַזאָרגט. שטענדיק איז ער געווען פריילאַך. אַז עס פלעגן זיך מאַכן אין מיטן דער וואָך גוטע פירות אָדער גוט פלייש און זיינע בני־בית פלעגן דאָס וועלן באַהאַלטן אויף שבת, פלעגט הלל נישט לאָזן. ער פלעגט הייסן באַלד אין מיטן דער וואָך דאָס פאַרברויכן, זאָגנדיק, אַז גאָט וועט אויף שבת נאָך בעסערעס צושיקן. פון הלל׳ן שטאַמט דאָס טאַקי דאָס ווערטל:

„פאַרן מאָרגן וועט גאָט זאָרגן".

אַלע מענטשן האָבן ליב געהאַט הלל׳ן פאַר זיין גרויס־קייט און תורה, פאַר זיין חכמה און פאַר זיין גוטסקייט. נאָר נאָכמער באַרימט איז הלל פאַר זיין •עניוות און איינ־פאַכקייט.

*

אַמאָל האָבן צוויי מענטשן זיך געוועט, אַז דער, וואָס וועט הלל׳ן אַריינברייינגען אין כעס, באַקומט פיר־הונדערט גילדן. איינער איז באַלד אַוועק צו הלל׳ן אינדערהיים, האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי זיין טיר און אויסגערופן:

— וואו איז דאָ הלל?

הלל האָט זיך גראָד דעמאָלט געצוואָגן לכבוד שבת. עס איז געווען פרייטאָג בייטאָג. הילט ער זיך איין און גייט יענעם אַרויס אַנטקעגן.

— זון מיינער, וואָס פאַרלאַנגסטו ? — פרעגט אים הלל.

— איך וועל ביי דיר עפּעס פרעגען, — ענטפערט ער.

— פרעג מיין זון, פרעג.

— זאָג מיר, פאַרוואָס זיינען די אויגן פון די תרמוד־יאַנער שוואַכע ?

— זון מיינער, — ענטפערט אים הלל, — אַ זייער וויכ־טיקע שאלה האָסטו געפרעגט. עס איז דערפאַר וויל זיי וואוינען צווישן זאַמדן, פאַרשיטן זיי זיך די אויגן מיט שטויב.

גייט דער מענטש אַוועק און קומט אין אַ ווײַלע אַרום ווידער צוריק.

— וואו איז דאָ הלל ?

הילט זיך הלל איין און גייט ווידער אַרויס צו אים:

— זון מיינער, וואָס פאַרלאַנגסטו ?

— איך האָב ווידער עפּעס צו פרעגן.

— פרעג, מיין זון, פרעג.

— פאַרוואָס זיינען די פיס ביי די אַפריקאַנער ברייטע ?

— דאָס איז זייער אַ וויכטיקע שאלה, מיין קינד. עס איז דערפאַר, ווייל זיי וואוינען צווישן זומפּן.

געזען, ווי הלל ענטפערט אַזוי געלאַסן, רופט זיך אָן דער מענטש:

— איך האָב דיר אַ סך זאַכן צו פרעגן, איך האָב אָבער מורא, דו זאָלסט נישט אין כעס ווערן.

זאָגט הלל:

— וואָס דו האָסט פאַר אַ שאלה, מעגסטו פרעגן.

— דו ביזט הלל הנשיא ? —



„זון מיינער, וואָס פאַרלאַנגסטו?“ האָט אים הלל געפרעגט.

— יאָ,— ענטפערט הלל.

— אויב אַזוי, — זאָגט יענער,— זאָלן אַ סך אַזוינע, ווי דו, נישט וואַקסן ביי אידן.

— פאַרוואָס, מיין קינד?

— ווייל איך האָב דורך דיר אָנגעוואָרן גאַנצע פיר הונדערט גילדן,— און ער האָט אים דערציילט זיין געוועט.

זעסטו, מיין קינד, ביזט נישט גערעכט. עס איז כדאי צו פאַרלירן צוויי מאָל צו פיר־הונדערט גילדן, און איך זאָל נישט בייז ווערן...

•

ווען הלל האָט געזען, אַז צווישן זיינע תלמידים זיינען דאָ אַזעלכע, וואָס זיינען מבזה די ערד־אַרבעטער, וועלכע קאָנען נישט קיין תורה, האָט הלל זיי געזאָגט אַ משל:

— די בערג האָבן אַמאָל געזאָגט צו די טאָלן: מיר זיינען הויך, אויף אונז שיינט די זון צום ערשטן, מיר זעען זייער ווייט אַרום זיך, און איר זיינט אַזוי נידעריק. די זון לייכט אייך צום שפּעטסטן, און איר זעט גאָרנישט, וואָס עס טוט זיך אַרום אייך.

אויף דעם האָבן די טאָלן געענטפערט:

— ווען איר זאָלט אונז אַוועקגעבן דעם זאַמד, וואָס איר האָט ביי אונז גענומען אויף צו ווערן בערג, וואָלט איר גע־וואָרן אַזוי נידעריק, ווי מיר. ווען אייערע ברידער, וועלכע איר זיינט מבזה, וואָלטן ניט באַאַרבעט די פעלדער, צו שפּייזן אונז מיט ברויט, וואָלטן מיר אַלע אויסגיין פון הונ־גער,— וואָרום— אויב עס איז נישטאָ קיין מעל, איז אויך קיין תורה נישטאָ.

אזוי האָט הלל זיך נישט באַגנוגנט מיט זיין עניוות, נאָר אויך געלערנט זיינע תלמידים זיך נישט צו האַלטן גרויס און מכבד זיין אַלע מענטשן. די חכמים לערנען אונז טאַקי דעריבער: „שטענדיק זאָל דער מענטש זיין אַן עניו, ווי הלל״.

די אַלע תלמידים הלל׳ס, וועלכע זיינען געגאַנגען אין זיינע דרכים, האָבן געהייסן „בית־הלל״. היינט וואָלט דאָס הייסן: הלל׳ס חדר.

ביי דרייסיק יאָר איז הלל געוועזן נשיא און האָט פאַר־שפרייט תורה און וויסנשאַפט און איינגעפלאַנצט אַ סך גוטע מדות צווישן אידן.

ווען הלל איז געשטאָרבן אין עלטער פון אכציג יאָר האָבן אַלע אידן געוויינט אויפ׳ן טויט פון גרויסן נשיא, דעם קלוגן, פרומען, גוטן און באַליבטן הלל׳ן. פון גרויס ליבשאַפט צו אים האָט מען פערצען דורות נאָך אים אויסגעקליבן זיינע קינדער פאַר נשיאים.

עס זיינען שוין אַריבער צוויי טויזנט יאָר, זינט הלל הזקן האָט געלעבט, און דער זכרון וועגן אים איז נאָך פריש ביים אידישן פאָלק.



# חוני המעגל.

אין ארץ ישראל, אין דער שטאָט מאַגלא, האָט אַמאָל געלעבט אַ גרויסער צדיק, וואָס האָט געהייסן חוני.

איינמאָל איז אויסגעפאַלן אַ טריקעניש, אַקוראַט אין חודש אָדר, ווען אין ארץ־ישראל איז דער רעגן זייער נויטיק. — האָבן זיך אַלע דערשראָקן און מען האָט געקוקט אויף די פעלדער מיט טריבע, אומעטיקע אויגן.

ווען דער גאַנצער חודש אָדר איז שוין כמעט ווי אַריבער און קיין רעגן איז נאָך אַלץ נישט געווען, זיינען די אידישע חכמים געקומען צו חוני המעגל און האָבן צו אים אַזוי געזאָגט:

— רבי, טו תפילה, אַז גאָט זאָל געבן רעגן. אַנישט, וועט, חלילה, זיין אַ הונגער.

חוני האָט געזען, אַז דאָס פאָלק געפינט זיך אין אַ גרויסער צרה, האָט ער תפילה געטאָן:

- גאָט, גאָט, גיב אַ רעגן צוליב די קליינע קינדערס וועגן!

האָט גאָט אָבער זיין תפילה נישט געהערט, און קיין רעגן נישט געגעבן.

דעמאָלט איז חוני אַרויסגעגאַנגען אין פעלד, געמאַכט אין זאַמד אַן עגול, זיך אַריינגעשטעלט אינדערמיט און אויסגערופן:

— רבונו־של־עולם, דיינע קינדער האָבן זיך געווענדט צו מיר, איך זאָל בעטן צו דיר. איך שווער ביי דיין גרויסן נאָמען, אַז איך וועל זיך נישט רירן פון אָרט, ביז דו וועסט זיך נישט מרחם־זיין אויף דיינע קינדער!

און באַלד ווי ער האָט נאָר אַרויסגזעאָגט די לעצטע ווערטער פון דערדאַזיקער שבועה, האָט גענומען דונערן און בליצן, און אַ פייכט ווינטל האָט אָנגעהויבן בלאָזן, און די צווייגן פון די בוימער האָבן זיך צעוויגט, און אַ קליין רעגענדל האָט אָנגעהויבן קאַפּן אויף דער ערד.

אָבער דאָס איז געווען אַ קליין און שוואַך רעגענדל, וואָס האָט נישט געקאָנט אָנטרינקען די דורשטיקע פעלדער.

האָט חוני נאָכאַמאָל זיך אָנגערופן צו גאָט.

— נישט אַזוי האָב איך דיר געבעטן, גאָטעניו. גיב אַ גרויסן רעגן, גיב אַ גוס־רעגן, אַז די דורשטיקע ערד זאָל זיך גוט אָנטרינקען!

האָט זיך אַ שטאַרקער דונער געלאָזט הערן, און באַלד דאַרויף האָבן פייעריקע בליצן דורכגעשניטן די לופט און די טויערן פון הימל האָבן זיך געעפנט און אַ שלאַקסרעגן איז אַראָפּגעפאַלן און דאָס וואַסער האָט, ווי אַ גרויסער שטורמישער ים, באַדעקט די אויסגעטריקנטע ערד.

האָבן זיך די אידן פון דאָסניי דערשראָקן. צווישן הימל און ערד האָט געטאַנצט איין שטיק וואַסער, וואָס האָט געקאָנט חרוב מאַכן שטעט און ישובים.

און דעמאָלט האָט חוני המעגל ווידער תפילה געטאָן צו גאָט:

— איך בעט דיך, גוטער גערעכטיקער פאָטער אין הימל, האָב רחמנות אויף דיין פאָלק ישראל, און גיב אים אַ גוטן רעגן, אַ רעגן פון ברכה.

איז דעם בורא די תפילה געפעלן געוואָרן, און עס האָט אָנגעהויבן גיסן אַ געוויינלאכער מיטעלער רעגן, און די ערד האָט זיך אָנגעטרונקען, און די גריבער און ברונעמס זיינען אָנגעפילט געוואָרן מיט וואַסער צו טרינקן פאַר מענטשן און פי, און גרוים און קליין האָבן געטאַנצט און געזונגען פון שמחה.

* *

רייט איינמאָל חוני המעגל אין פעלד, זעט ער אַ גרייז־גראָען זקן, וואָס האָט געפלאַנצט אַ באָקסער־בוים. האָט אים חוני המעגל געפרעגט:

— אין וויפיל יאָר אַרום וועט דער בוים געבן פירות?

האָט דער זקן געזאָגט:

— אין זיבעציג יאָר אַרום.

זאָגט צו אים חוני המעגל:

— צי איז דען מעגלאַך, אַז דו זאָלסט עסן די פירות פון דעמדאָזיקן בוים, וואָס די פלאַנצסט? היינט צו וואָס לוינט עס דיר צו אַרבעטן, אַז דו וועסט די פירות נישט עסן?

האָט דער זקן אויפגעהויבן אַ פאָר רואיגע אויגן און זיך אָנגערופן:

— איך האָב געפונען באָקסער אויף דער וועלט. און אַזוי ווי מיינע עלטערן האָבן געפלאַנצט באָקסער־ביימער פאַר מיר, אַזוי פלאַנץ איך באָקסער־ביימער פאַר מיינע קינדער.



חוני המעגל שטייט אין פעלד און בעט אויף רעגן.

דער טאָג איז געווען אַ הייסער, די זון האָט שטאַרק געברענט און חוני המעגל׳ס אייזל האָט קוים געשלעפּט די פיס איבער׳ן שווערן זאַמדיקן וועג. האָט חוני המעגל גע־לאָזט זיין אייזל זיך פּיטערן אויפן גראָז און אַליין האָט ער זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ בערגל און געטראַכט פון וועלט און מענטשן, ווי גאָט האָט דאָס אַלץ באַשאַפן, אַז יעדער זאָל אַרבעטן, נישט בלויז פאַר זיך, נאָר אויך פאַר אַנדערע, כדי די וועלט זאָל האָבן אַ קיום.

און אַזוי ווי חוני המעגל איז געזעסן און געטראַכט, איז ער פּלוצלונג איינגעשלאָפן מיט אַ שטאַרקן שלאָף. פון דער ערד זיינען אַרויסגעוואַקסן הויכע פעלזן־שטיינער אַרום דעם אָרט, וואו ער איז געשלאָפן און זיי האָבן אים פאַרשטעלט פון אַלע זייטן און קיינער האָט נישט געקאָנט באַמערקן, אַז דאָ שלאָפט אַ מענטש.

אַזוי האָט חוני המעגל אָפּגעשלאָפן גאַנצע זיבעציג יאָר.

אָבער אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער געמיינט, אַז ער איז בלויז איין נאַכט געשלאָפן. האָט ער זיך אָנגע־הויבן אַרומקוקן אַרום זיך, זעט ער, אַז זיין אייזל איז נישטאָ, דערפאַר אָבער פּיטערן זיך אויפ׳ן גראָז גרויסע טשערעדעס מיט אַלטע און יונגע אייזלען. נעבען אים, אויף יענעם אָרט, וואו דער גרייז־גרויער זקן האָט דעם באָקסער־בוים געפלאַנצט וואַקסט איצט אַ בוים מיט שיינע זאַפטיקע באָקסער און אַ יונגערמאַן קלייבט זיי אַרום.

האָט חוני המעגל ניט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי ער קומט אַהער און האָט געזוכט דעם וועג אַהיים, צו זיין שטאָט מאַגלאָ.

אָבער ער האָט דעם וועג נישט דערקאָנט, וואָרום אַלץ האָט זיך געענדערט, און דער וועג האָט זיך אויך געענדערט. איז חוני המעגל אַוועק מיט אַן אונבאַקאַנטן וועג אין שטאָט אַריין און האָט זיך שטאַרק גע׳חדוש׳ט, און אַז ער האָט געטראָפן מענטשן, וואָס זיינען געגאַנגען פון שטאָט, האָט ער זיך נאָך מער גע׳חדוש׳ט. ער האָט קיין איינעם פון זיי נים דערקענט... וואו זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן די אַלע באַקאַנטע און פריינד? סטייטש, ער האָט דאָך אַלעמען גע־קאָנט און אַלע האָבן אים געקאָנט? אים האָט זיך געדאַכט אַז ער בלאָנדזשעט, אַז ער געפינט זיך אויף אַ פרעמדן וועג און ער האָט געפרעגט ביי די דורכגייער:

— זאָגט מיר, גוטע מענטשן, ווי הייסט די דאָזיקע שטאָט?

— מאַגלאָ, מאַגלאָ,—האָבן אַלע צוגעשאָקלט מיט׳ן קאָפּ.

— מאַגלאָ? — האָט ער זיך געוואונדערט און האָט אי־בערגעווישט דעם שטערן, פונקט ווי ער וואָלט זיך געפּרובט, צי הערט ער עס אויפ׳ן וואָר אָדער אין חלום.

אַריין אין שטאָט, האָט ער נאָך לאַנגער מי אָפּגעזוכט זיין שטוב, אָבער אַז ער האָט געעפנט די טיר און איבערגע־טראָטן די שוועל, האָט ער געטראָפן בלויז פרעמדע מענטשן.

און חוני המעגל האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ.

— איך בין דאָך חוני המעגל? — האָט ער געשריען, — וואו זיינען אַלע מיינינגע?

די פרעמדע מענטשן האָבן אים ווילד אָנגעקוקט און געדריקט מיט די אַקסלען.

— וואָס רעדט איר, ר׳ איד? מיר האָבן געהערט פון אונזער עלטער-עלטערזיידן, חוני, אָבער ער איז שוין אַ וואָ־סערע זיבעציג יאָר אויפ׳ן עולם האמת...

חוני המעגל איז אַרוים פון זיין הויז אַ צעמישטער און איז אַוועק אין בית-המדרש. דעם בית-המדרש האָט ער נאָך דערקאַנט, הגם ער האָט זיך שוין אויך שטאַרק פאַרענדערט, אָבער פון די מענטשן האָט ער דאָרט קיין איינעם נישט דערקאַנט.

איינער אַ איד האָט אים אָבגעשטעקט אַ שלום-עליכם. פרעגט אים חוני המעגל:

— זאָגט מיר, ר׳ איד, וואו איז ר׳ שמעון בן שטח?

האָט דער איד געדריקט מיט די אַקסלען און זיך אָנ־גערופן

— ר׳ שמעון בן שטח פרעגט איר? שוין פערציג יאָר, ווי ער איז נפטר-געוואָרן.

האָט חוני געטאַפּט: שמעון בן שטח איז געווען אין זיין עלטער, ערשט „נעכטן" האָט ער דאָך געלעבט, פאַרוואָס הערט ער איצט, אַז שוין פערציג יאָר, ווי ער איז טויט?

אַ פאַרגאַפּטער, האָט זיך חוני המעגל אַרומגעקוקט. אידן זיצן און לערנען און איינער רופט זיך אָן צום צווייטן:

— ווייסטו, אין חוני המעגל׳ס צייטן זיינען די הלכות געווען קלאָר, ווייל ער האָט געוואוסט ווי צו פאַרענטפערן אַלע האַרבע קשיות.

זיינען ביי חוני המעגל אָנגעלאָפן טרערן אויף די אויגן און ער האָט געמאַכט אַ טריט נעענטער צו די לערנער און האָט זיך אָנגערופן:



„איך בין דאך חוני המעגל! פארוואס דערקאנט מען מיך נישט?“

— גאָט אין הימל, איך בין דאָך חוני המעגל!

אָבער די לערנער האָבן זיך צעלאַכט, און איינער, אַן עלטערער איד, האָט אים באַמערקט מיט אַזאַ טאָן, ווי מען רעדט צו אַ משוגע׳נעם:

— חוני המעגל האָט געלעבט מיט זיבעציג יאָרן צוריק. אַזאַ אַלטער איד ווי איר בעדאַרף זיך נישט מאַכן צום נאַר!

ערשט דעמאָלט האָט חוני המעגל פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט אים גאָט געשטראָפט דערפאַר, ווייל ער האָט זיך גע-חדוש׳ט אויפ׳ן זקן, וואָס האָט געפלאַנצט אַ באָקסער-בוים. און חוני המעגל האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז גאָט האָט אים געוויזן, אַז אַ מענטש אַרבעט נישט בלויז פאַר זיך, און אַז אַלע מענטשן געניסן פון דער אַרבעט פון זייערע זיידעס, און דעריבער דאַרפן זיי אויך אַרבעטן פאַר זייערע אייניק-לאַך.

און חוני המעגל האָט זיך דערשפירט העכסט אומגליק-לאַך. ער האָט קיינעם נישט געקאָנט, און קיינער האָט אים נישט געקאָנט, און, אַן עלנדער, האָט ער געשפרייזט איבער דער אייגענער שטאָט און, אַן עלנדער, האָט ער אָנגעקוקט דעם נייעם דור, אין וועלכן ער האָט קיין חבר און קיין פריינד נישט געפונען. און איינמאָל האָט ער זיך אָנגערופן אין גרויס אַנגסט:

— אָדער חבר׳שאַפט, אָדער דער טויט!

און ער האָט געבעטן דעם טויט אויף זיך.

האָט גאָט צוגעהערט זיין תפילה, וואָס איז געווען אָנ-געזאָפט מיט גרויס צער, און חוני המעגל איז נפטר-געוואָרן.

שטיל, ווי אַקינד, האָט ער צוגעמאַכט זיינע אויגן אויף אייביק.

* *

נאָך חוני המעגל זיינען געבליבן צוויי אייניקלאַך, גרויסע צדיקים. דאָס זיינען געווען אבא חלקיה, חוני המעגל׳ס זונס אַ זון, און חנן הנחבא, אַ זון פון זיינער אַ טאָכטער.

איינמאָל האָט דאָס פעלד געבענקט נאָך רעגן, און קיין רעגן איז נישט געגאַנגען. האָט מען געשיקט צו אבא חלקיה צוויי תלמידי-חכמים, ער זאָל בעטן רחמים. האָבן זיי אים געטראָפן אין פעלד, בשעת ער האָט געאַקערט די ערד.

האָבן זיי אים געבענטשט, אָבער ער האָט זיי נישט געענטפערט.

פאַרנאַכט, ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען, האָט אבא חלקיה אויפגעהויבן אַ בינטל האָלץ און גענומען אויף איין אַקסל, און זיין בגד, וואָס ער האָט אויסגעטאָן—אויפ׳ן צווייטן אַקסל, און איז אַוועק אַהיים. די תלמידי-חכמים זיינען אים נאָכגעגאַנגען. ווען זיי זיינען געקומען צו אַ טייך, האָט אבא חלקיה אָנגעטאָן די שיך אויף די באָרוועסע פיס און דורכגעגאַנגען דעם טייך. אַרויסגייענדיג פון טייך, האָט ער די שיך אויסגעטאָן, און ווייטער געגאַנגען באָרוועס.

אין וועג האָבן זיי געטראָפן אַן אָרט, וואָס איז געווען באַוואַקסן מיט דערנער, האָט אבא חלקיה געשווינט אויסגעטאָן די שיך, פאַרשאַרט די הויזן ביז איבער די קני און אַזוי דורכגעגאַנגען די דערנער, וואָס האָבן אים שטאַרק געשטאָכן די פיס.

געקומען אַהיים האָט ער געדאַוונט, זיך געוואַשן צום עסן און זיך געזעצט צום טיש מיט זיין ווייב און צוויי זין. דעם עלטערן זון האָט ער געגעבן איין זעמל און דעם אַנדערן זון — צוויי זעמל. אַזוי האָבן זיי געגעסן, און די פרעמדע מענטשן, וואָס ער האָט געטראָפן ביי זיך אין שטוב, האָט ער נישט געבעטן צום טיש, און אפילו נישט געפרעגט, ווער זיי זיינען און וואָס זיי פאַרלאַנגען.

אָפּגעגעסן, רופט זיך אָן אבא חלקיה צום ווייב:

— די מענטשן זיינען געקומען, איך זאָל בעטן רחמים אויף רעגן; לאָמיר ביידע אַרויף אויפ׳ן בוידעם, און ווען מתפלל-זיין אויף רעגן; די מענטשן וועלן אַזוי ארום נישט וויסן, אַז מיר האָבן געבעטן רחמים, וועלן זיי אונז נישט באַדאַרפן דאַנקען.

ווען אבא חלקיה האָט תפילה-געטאָן, האָט ער דערזען, ווי אַ וואָלקן הויבט-אָן באַדעקן דעם הימל, האָט ער זיך געווענדט צו די לייט און געפרעגט:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס פאַרלאַנגט איר?

האָבן די מענטשן אים געזאָגט:

— מיר זיינען געקומען בעטן אויף רעגן.

רופט זיך אָן אבא חלקיה:

— איר באַדאַרפט מיך נישט בעטן, גאָט האָט אייך צו־געשיקט אַ רעגן.

אָבער די תלמידי-חכמים האָבן פאַרשטאַנען און זיך אָנגערופן:

— מיר ווילן דיר שטעלן עטלאַכע פראַגן.

דערויף האָט ער באַמערקט:

— אדרבא, פרעגט.

האָבן די מענטשן געפרעגט:

— פאַרוואָס האָסטו אונז נישט געענטפערט, ווען מיר האָבן דיר געזאָגט: גאָט העלף?

אבא חלקיה האָט געענטפערט:

— איך האָב זיך פאַרדונגען צו אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג, און אַז איך וואָלט אייך ענטפערן, וואָלטן מיר ביסלאַכווייז אָנגעהויבן שמועסן, און דערווייל וואָלט ליידן די אַרבעט.

האָבן זיי ווידער געפרעגט:

— פאַרוואָס האָסטו גענומען דאָס בינטל האָלץ אויף איין אַקסל און דיין בגד אויף דעם צווייטן?

האָט ער זיי ווידער געענטפערט:

— דער בגד איז געווען אַ געבאָרגטער, האָב איך נישט געוואָלט אים קאַליע מאַכן.

שטעלן זיי אים נאָך אַ פראַגע:

— פאַרוואָס ביזטו געגאַנגען באָרוועס אויף דער יבשה און אין וואַסער האָסטו אָנגעטאָן די שיך?

און ער ענטפערט ווייטער:

— אויף דער טריקעניש קאָן מען זיך אָפּהיטן, אָבער אין וואַסער זעט מען נישט, האָב איך אָנגעטאָן די שיך, כדי איך זאָל זיך נישט צוקלאַפּן די פיס.

פרעגן זיי ווידער:

— פאַרוואָס האָסטו אויפגעהויבן די הויזן איבער די קני, ווען דו ביזט געגאַנגען איבער דערנער?

און ער זאָגט זיי:

— ווייל די הויזן, אַז זיי וועלן זיך צערייסן, וועלן זיי שוין צוריק נישט ווערן גאַנץ, און די פיס אָבער וועלן זיך פאַרהיילן.

האָבן די מענטשן געזאָגט מיט התפעלות:

— מען זעט, אַז דו ביזט אַ חכם. נאָר, זאָג, פאַרוואָס האָסטו אונז נישט געבעטן עסן?

זאָגט ער זיי:

— ווייל איך האָב געהאַט ווייניק עסן, עס האָט קוים געקלעקט פאַר מיינע בני־בית, האָב איך נישט געוואָלט מיט׳ן מויל בעטן, און אין האַרצן קלערן אַנדערש.

פרעגן זיי ווייטער:

— פאַרוואָס האָסטו דעם יונגערן זון געגעבן צוויי מאָל אַזויפיל, ווי דעם עלטערן?

און ער ענטפערט באַזאַכט און רואיג:

דער עלטערער זיצט אין שטוב און ווען ער וויל עסן, נעמט ער און עסט, אָבער דער יונגערער זיצט אין ישיבה און קומט אַהיים אַ הונגעריקער, דעריבער האָב איך אים געגעבן מער, כדי ער זאָל זאַט ווערן.

— איצט זעען מיר,— האָבן זיך צולעצט אָנגערופן די חכמים,— אַז מען בעדאַרף יעדערן שטענדיק אויסרעכענען פון דער גוטער זייט.

ביים געזעגענען זיך האָבן די תלמידי חכמים געפרעגט:

— פאַרוואָס הערט גאָט צו דיין תפילה גיכער, איידער אַן אַנדערנס?

דערויף האָט ער זיי אויך געענטפערט:

— דאָס איז אין זכות פון מיין ווייב, וואָס איילט זיך שטענדיק אָנצוזעטיקן די אָרימע־לייט, וואָס קומען צו איר אין שטוב, און וואָס שנעלער אַ מענטש גיט צדקה, אַלץ גיכער הערט זיך גאָט צו צו זיינע תפילות און העלפט אים אין אַ שלעכטער צייט.

דער אַנדערער אייניקל פון חוני המעגל איז אויך געווען אַ גרויסער צדיק, און מען האָט אים גערופן חנן הנחבא — דער באַהאַלטענער, ווייל ער פלעגט זיך באַהאַלטן, אַז מענטשן זאָלן נישט זען זיין פרומקייט.



# רבי אליעזר בן הורקנוס.

דער גרויסער רבי אליעזר בן הורקנוס האָט ביז צוויי און צוואַנציק יאָר גאָרנישט געלערנט קיין תורה. זיין פאָטער, הורקנוס, איז געווען אַ רייכער גוטסבאַזיצער. אויף זיינע פעלדער האָבן געאַרבעט אַ סך מענטשן און אויך די זין זיינע, אליעזר מיט די איבעריקע ברידער. איינמאל שטייען אַזוי די ברידער אין פעלד און אַקערן, פּלוצים וואַרפט אליעזר אַוועק דעם אַקער, זעצט זיך אין אַ זייט און צעוויינט זיך.

פרעגט אים דער פאָטער: „וואָס וויינסטו? דיר געפעלט אפשר נישט די אַרבעט אין פעלד?“

— ניין, נישט דאָס, — זאָגט אליעזר.

— וואָס דען וויינסטו?

— איך וויל לערנען תורה!

— אַ מענטש פון צוויי און צוואַנציק יאָר פאַרגלוסט זיך אים פּלוצים אָנהייבן לערנען! שלאָג זיך אַרויס דאָס פון קאָפּ. בעסער האָב חתונה וועסטו האָבן קינדער, פירן זיי אין שול און זיי וועלן שוין לערנען תורה.

דאַן באַשליסט אליעזר צו אנטלויפן פון דער היים און לאָזט זיך אין וועג קיין ירושלים צו ר׳ יוחנן בן זכאי.

געקומען קיין ירושלים, גייט אַריין אין ר׳ יוחנן בן זכאים שול, זעצט זיך אין אַ ווינקל און וויינט. באַמערקט עס ר׳ יוחנן, פרעגט ער אים: „וואָס וויינסטו?“ ענטפערט ער: „איך וויל לערנען תורה“.

— האָסטו שוין עפּעס אַמאָל געלערנט?

— ניין, גאָרנישט געלערנט.

נעמט ר׳ יוחנן מיט אים לערנען פון אָנהויב. אַלץ, וואָס אליעזר האָט געלערנט אַ גאַנצע וואָך, האָט ער שבת גוט איבער־געחזרט און ס׳איז ביי אים פאַרבליבן. אַכט טאָג דורכאַנאַנד האָט אליעזר אַזוי פאַרבראַכט אין איין לערנען און די גאַנצע צייט נישט געהאַט אין מויל. ביז ר׳ יוחנן האָט דערשפּירט אַ ריח פון זיין מויל. פרעגט אים ר׳ יוחנן: „אליעזר, מיין זון, האָסטו עפּעס איבערגעביסן היינט?״ שווייגט ער. פרעגט ער אים נאָכאַמאָל און ער שווייגט אַלץ.

זאָגט אים ר׳ יוחנן: „זע, היינט עסטו ביי מיר״.

— איך האָב שוין אָפּגעגעסן אין מיין אכסניא! — ענטפערט אליעזר.

רופט צו ר׳ יוחנן אייניקע פון זיינע תלמידים און זאָגט זיי אָן: „זעט, איר זאָלט די זאַך נאָכפאָרשן״.

לאָזן זיך אַוועק די תלמידים איבער די ירושלימער גאַסן און פרעגן זיך נאָך אין אַלע אכסניות, צי האַלט זיך דאָרטן נישט אויף איינער פון זייערע חברים.

ענטפערט מען אומעטום: „ניין!״ — ביז זיי זיינען געקומען צו אַ פרוי, וואָס האַלט אַן אָרימע אַכסניא, און זי האָט געענט־פערט: „יאָ״. פרעגן זיי ביי איר: „האָט ער דאָ עפּעס מיט זיך?״ זאָגט זי: „עפּעס האָט ער אַ מין זאַק, וואָס ער פאַלט אַלע טאָג צו צו אים מיטן קאָפּ און זויגט פון אים ווי פון אַ לאָגל וויין״. הייסן זיי זיך ווייזן דעם דאָזיקן זאַק. שלעפּט זי אים אַרויס און זי עפענט אים. לאָזט זיך אויס: דער זאַק איז אָנגעשטאָפּט מיט ערד. פרעגן זיי זי ווייטער: „האָט היינט

אליעזר עפּעס איבערגעביסן?" זאָגט זי: „ניין, מיר האָבן אַלע געמיינט, מסתמא עסט ער ביים רבין; ווייזט זיך אויס, אַז ער האָט די גאַנצע אַכט טעג אין מויל ניט געהאַט".

קומען די תלמידים און דערציילן דאָס דעם רבין. דערהערט, שרייט ר' יוחנן בן זכאי אויס: „אָרימער אליעזר, אַזוי נעבאַך קומסטו דאָ אָפּ צווישן אונז! נאָר ווייסן זיין זאָלסטו: אַזוי ווי עס הערט זיך איצט דער ריח פון דיין מויל מחמת הונגער, אַזוי וועט פון דיין מויל זיך צעגיין דער ריח פון דיין תורה און זיך צעשפּרייטן פון איין עק וועלט ביז דעם אַנדערן".

פון דעמאָלט אָן האָט ר' יוחנן אים באַשטעלט קעסט און ער איז געקומען צו זיך.

דריי יאָר זיינען אַזוי אַריבער, און אליעזר האָט אַלץ פלייסיק געלערנט און די גאַנצע צייט אפילו זיך ניט געוויזן אַהיים פאַרן פאָטער. איינמאָל רופן זיך אָן הורקנוסעס קינדער צום פאָטער: „זע וואָס דיין זון אליעזר האָט דיר אָפּגעטון — אויף דער עלטער דיך איבערגעלאָזט און איז אוועק קיין ירושלים. ער האָט פאַרדינט, דו זאָלסט אים אָפּזאָגן פון ירושה". פאָלגט הורקנוס און גייט אַוועק קיין ירושלים אויסצושליסן אליעזרן פון ירושה. קומט ער אָן קיין ירושלים פּונקט אין דעם טאָג, ווען ביי ר' יוחנן בן זכאי איז געווען אַ גרויסער מאָלצייט. צו דער סעודה זיינען געקומען די גרעסטע פּאָרנעמסטע לייט פון דער מדינה. דערציילט מען ר' יוחנן, אַז דער גוטסבאַזיצער הורקנוס איז אָנגעקומען. הייסט ער מאַכן פאַר אים פּלאַץ צווישן אַלע פּאָרנעמע לייט. זיצט ער צווישן עולם מיט גרויס אָפּשיי און ציטערט.

אינמיטן דער סעודה שטעלט זיך ר׳ יוחנן אָפּ מיט די אויגן אויף ר׳ אליעזרן און זאָגט אים: „נעם זאָג עפּעס פאַרן עולם״.

ענטפערט ר׳ אליעזר: „רבי, וואָס קען איך זאָגן? קען דען אַ ברונים אַרויסגעבן וואַסער מער, ווי מען גיסט אין אים אריין? קען איך דען זאָגן דברי תורה מער, ווי איך האָב ביי דיר באַקומען?

— ניין, מיין זון, — זאָגט אים ר׳ יוחנן — נישט קיין ברונים ביסטו; דו ביסט אַ קוואַל, וואָס פליסט און גיסט פרישע וואַסער פון זיך אליין; דו פאַרמאָגסט אייגנס.

און אַז ר׳ יוחנן מיט די תלמידים זיינען צו אים צוגעשטאַנען, האָט ר׳ אליעזר זיך אויפגעהויבן און געעפנט דאָס מויל.

אין דער לופטן האָבן זיך געטראָגן ווערטער, וואָס זינט די וועלט שטייט, האָט נאָך קיין אויער אַזוינס ניט געהערט. דאָס פנים פון יונגן דרשן האָט געשיינט ווי די זון. שטראַלן פון משה רבינוס געזיכט האָבן פאַרבלענדט די אויגן, און דער גאַנצער עולם האָט פאַר התפעלות נישט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז.

נאָך דער דרשה שטעלט זיך ר׳ יוחנן אויף, גיט דעם תלמיד אַ קוש אויפן קאָפּ און זאָגט: „אַז וואויל איז די עלטערן, וואָס אַזאַ קינד איז פון זיי אַרויסגעקומען!“

אַז דער אַלטער הורקנוס האָט דאָס דערהערט, איז ער באַלד אַרויף אויף אַ באַנק און אויסגערופן פאַרן גאַנצן עולם:

— רבותי, געקומען בין איך אַהער מיט דער דעה אָפּצוזאָגן מיין זון אליעזר פון מיינע גיטער. איצטער אָבער לאָז איך איבער מיין גאַנצן פאַרמעגן פאַר אים!



# רבי שמעון בן יוחאי.

אמאל איז געווען ביי אידן א גרויסער חכם, האט ער גע־הייסן שמעון בן־יוחאי; ער האט א סך מענטשן געלערנט תורה, און זיינע תלמידים האבן אים זייער ליב געהאט.

אין יענע צייטן האט אין ארץ־ישראל געוועלטיקט א פרעמ־דער מלך. האט מען אויסגעטראכט אויף רבי שמעון בן יוחאי א בלבול, און דער מלך האט אים פארמשפט צום טויט. רבי שמעון בן יוחאי איז אנטלאפן מיט זיין זון אלעזר, און זיי האבן זיך באהאלטן אין א הייל לעבן דארף „בית מרון" אין ארץ־ישראל.

און טייטל־בוימער און פייגן־בוימער זיינען ארויסגעוואקסן ביים ארייגאנג אין הייל, און א קוואל איז געעפנט געווארן, און רבי שמעון בן־יוחאי מיט זיין זון האבן זיך דערנערט מיט די פירות פון די בוימער און געטרונקען די וואסער פון קוואל. זיי זיינען דארט געזעסן דריי און דרייסיג יאר, און קיינער האט נישט געוואוסט, וואו זיי געפינען זיך, ווייל די בוימער האבן פארשטעלט דעם אריינגאנג אין הייל, און דער קוואל האט זיך אויסגעגאסן אין א טייך, און די ברעגעס זיינען באוואקסן געווארן מיט גראז און קוסטעס, און קיינער האט נישט געוואוסט דעם וועג צום הייל.

נאר די תלמידים, גרויס און קליין, האבן געוואוסט וואו זייער רבי געפינט זיך, און זיי פלעגן קומען שטילערהייט אלע יאר, ל"ג בעומר, צו זען דעם רבין. זיי פלעגן נעמען מיט זיך פיילן־

בויגנס, פיילן און שפייז אויפן וועג; און אַז עס פלעגט זיי טרעפן דער שונא און פרעגן: „וואוהין גייט איר?“ פלעגן זיי ענטפערן: „מיר גייען אויף יאַכט“. זיי פלעגן הערן פון רבין תורה און זיך פרייען מיט אים אַ גאַנצן טאָג, נאָכדעם פלעגן זיי צוריק אַהיים גיין.

דעריבער פייערן אַלע שול־קינדער דעם יום־טוב ל״ג בעומר יאָר־יערלאך ביז היינטיקן טאָג.



# חנה מיט אירע זיבן זין.

אנטיוכס איז געקומען צו דער אלמנה חנה מיט אירע זיבן קליינע קינדער. זאָגט דער מלך דער רשע צום עלטסטן פון די זין: זעסט דאָ דעם גרויסן אָפּגאָט? בוק זיך צו אים! — דער בחור האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר ער האָט זיך אָפּגעקערט פון רשע. דעמאָלט האָט אנטיוכס געהייסן אים דערהרגענען. אזוי איז אויך געווען מיטן צווייטן זון, מיטן דריטן, מיטן פערטן, מיטן פינפטן און מיטן זעקסטן — אלעמען האָט דער גזלן געהייסן הרג'ענען. עס איז געבליבן בלויז דאָס אינגסטע אינגל. זאָגט צו אים אנטיוכס: בוק זיך צו מיין גאָט. זאָגט דאָס אינגל: עס איז דאָ איין גאָט, דאָס איז דער גאָט פון ישראל. האָט דער אַכזר געזאָגט: דו ביסט דאָך נאָך אַ קליינינקער, צו וואָס זאָלסטו שטאַרבן? אָט וואַרף איך מיין פינגערל אויף דער ערד, און דו גיי הויב עס אויף, וועט מען מיינען, אַז דו האָסט זיך געבוקט צו מיין גאָט, און דו וועסט בלייבן לעבן.

האָט דאָס אינגל דאָס אויך ניט געוואָלט טאָן און האָט געזאָגט: „איך וויל ניט פאַרשעמען מיינע ברידער די קדושים. איך וויל נישט מען זאָל מיינען, אַז זיי האָבן אַזאַ ברודער, וואָס פאַרגעסט אָן גאָט". אַנטיוכס האָט אים אויך געהייסן הרגענען. דאָס אינגל האָט אויסגעשריען: „שמע ישראל, אדני אלהינו — אדני אחד"! — און איז געפאַלן טויט.

די אומגליקלאַכע מאַמע פון די זיבן אומגעקומענע קינדער איז אַרויף אויף אַ דאַך און מיט אַ האַרצרייסנדיקן קול אויסגעשריען: „איך בין געווען אַ מוטער פון זיבן קינדער, אַלע זיינען זיי געווען צדיקים, גוטע און כשר'ע און זיי זיינען אומגעקומען — וואָס טויג מיר מיין לעבן? — און זי האָט זיך אַראָפּגעוואָרפן פון דאַך און געהרגעט געוואָרן.

## משה און דער אָדלער.

איינמאָל איז משה געזעסן אין דער מדבר און געפּי־טערט זיינע שעפּסן. פּלוצלונג דערהערט ער עפּעס אַ געשריי. משה האָט אויפגעהויבן די אויגן און האָט דערזען, ווי אַ טייבעלע פליט צו אים, מאַכט מיט די פליגעלאַך און שרייט; און אַ אָדלער מיט שטאַרקע נעגל און אַ שאַרפן שנאָבל פליט איר נאָך, און אָט־אָט, איז דאָס טייבעלע פאַרלאָרן. משה איז געשווינד אויפגעשטאַנען, געכאַפּט דאָס טייבעלע און באַהאַלטן.

דער אָדלער האָט אָבער נישט געשוויגן און ער האָט זיך געווענדט צו משה'ן מיט אַ גוואַלד:

— דו גזלן איינער! מיט וואָס פאַר אַ רעכט נעמסטו דאָס מיר צו מיין רויב? גאָט האָט דאָך מיר אָנגעגרייט די טויב צום עסן.

משה האָט אַ קוק געטאָן אויף דער טויב, וואָס האָט גע־ציטערט און געפּלאַטערט אין זיינע הענט, נאָכדעם האָט ער אַרויסגענומען אַ מעסער, ער האָט אָפּגעשניטן אַ שטיק פלייש פון זיין האַנט און האָט צום אָדלער אַזוי געזאָגט: דו ביזט גערעכט, אָדלער, נאַ דיר פלייש, נאָר די טייבעלע לאָז צורו.



# דוד המלך.

אמאָל איז אין יהודה געווען אַ פּאַסטוך מ׳יט׳ן נאָמען דוד. ער האָט ליב געהאַט צו שפּילן אויף אַ פידל. איינמאָל זיצט אַזוי דוד און היט זיינע שאָף און רינדער און שפּילט זיך אַזוי אויף זיין פידל. אינדעם זיינען אָנגעפאַלן ווילדע חיות אויף דער סטאַדע. אָבער ווי זיי האָבן דערהערט דוד׳ס שפּילן, זיינען זיי שטיין געבליבן, און די שאָף נישט גערירט. ווען דוד האָט אויפגעהערט שפּילן, זיינען זיי אָנגעפאַלן אויף די שעפּסעלאך, און איינער אַ גרויסער לייב האָט אוועק־געטראָגן אַ שעפּסעלע. דוד האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך אים, האָט אים אָנגענומען פאַר׳ן פּרעסער, און האָט אים צעריסן אויפ׳ן אָרט. אַזוי איז די שעפּס ניצול געוואָרן פון לייב׳ס ציין. אויף צוריקוועגס איז אויף דוד׳ן אָנגעפאַלן אַ בער, האָט אים דוד גלייך דער׳הרג׳עט.

די אידן האָבן געזען, וואָס פאַר אַ גבור דוד איז, ער איז אויך געווען אַ גרויסער חכם, האָבן זיי אים געזאַלבט פאַר אַ מלך. ער איז דאָס נאָכדעם געווען דוד המלך.



## אליהו הנביא.

אמאָל איז געווען אַ רב. דער רב איז געווען זייער אָרעם. עס איז ביי אים אין שטוב ניט געווען קיין שטיקל ברויט, קיין שייטל האָלץ, און אפילו קיין שטיקל ליכט. און דער רב איז געזעסן טאָג און נאַכט און געלערנט. אין דער פינסטער האָט ער געלערנט און שטילערהייט געדאַווגט.

איינמאָל, אין מיטן נאַכט, ווי דער רב איז אַזוי געזעסן און געלערנט און תפלה געטאָן, דערזעט ער, אין שפּאַרע פון וואַנט שיינט עפּעס זייער העל. איז דער רב צוגעגאַנגען צום וואַנט און דערזען זייער אַ גרויסער בריליאַנט ליגט אין שפּאַרע און לייכט אויפן גאַנצן שטוב. דער צדיק האָט נישט געקענט פאַר־שטיין, פון וואַנען קומט אַהער דער בריליאַנט, און וועמענס ער איז.

אין מיטן נאַכט איז געקומען צו אים אליהו הנביא צו חלום און האָט צו אים אַזוי געזאָגט: „עס איז דאָ פאַר דיר צוויי וועגן: אָדער דער בריליאַנט, וואָס דו האָסט געפונען זאָל בלייבן ביי דיר, און דו וועסט זיין זייער רייך, אָדער דו זאָלסט דעם בריליאַנט נישט נעמען, און דערפאַר וועט דיר גאָט געבן קינדער און אייניקלאַך גרויסע למדנים, און זייער חכמה וועט לייכטן פאַר אַלע מענטשן. זאָגט דער צדיק: ווי קומט פאַר מיר עשירות. איך וויל נאָר תורה און חכמה.

דער רב האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער דערזען, ווי פונקען פליען פון דער שפּאַרע. ער איז צוגעגאַנגען צום וואַנט, אָבער דער בריליאַנט איז שוין דאָרט נישט געווען.



# אַלעקסאַנדער מוקדון.

אין לאַנד מוקדון איז געווען אַ מלך מיטן נאָמען אַלעקסאַנדער. דער מלך איז דורכגעגאַנגען אַלע מדינות, איבער אַלע ימים, איבער הויכע בערג און טיפע טאָלן, וואו עס איז שטענדיק פינסטער, אפילו ביי טאָג, וואָרים די זון קומט דאָרט קיינמאָל נישט צו. ער איז אויך צוגעקומען צו די טויערן פון גן־עדן.

האָט דער מלך געוואָלט אויך פליען אין דער לופטן, נאָר גאָט האָט אים ניט געגעבן קיין פליגלען.

וואָס האָט אַלעקסאַנדער געטאָן?

האָט ער אָנגעטשעפּעט אַ שטיק פלייש אָן אַ שפּיז. ער האָט זיך געזעצט רייטן אויף אַ הונגעריגן אָדלער און דעם שפּיז האָט ער אויפגעהויבן פאַר זיינע אויגן. דער אָדלער האָט צעשפּרייט די פליגל און אויסגעצויגן דעם שנאָבל צום שטיק פלייש. ווי דער אָדלער האָט זיך אויפגעהויבן, האָט זיך אויך אויפגעהויבן דאָס פלייש. און אַז דאָס פלייש האָט זיך אויפגעהויבן האָט זיך אויך אויפגעהויבן דער הונגעריגער אָדלער.

אַזוי איז דער אָדלער געבליבן הונגעריג, דאָס שטיק פלייש איז פאַרפוילט געוואָרן, און אַלעקסאַנדער איז אַרויפגעפלויגן אויפן הימל.



## דער מלך און דער רב.

אַמאָל איז געווען אַ מלך און דער מלך האָט געהאַט זיבן זין און זיבן טעכטער. דער מלך האָט זייער ליב געהאַט זיינע קינדער, האָט ער זיי געקויפט שפּיל-באַלן, קיכעלאַך, צוקערלאַך, ראָזינקעס און מאַנדלען. יעדער זון האָט געהאַט אַ זייגער און אַ שווערד אויסגעזעצט מיט בריליאַנטן, און יעדע טאָכטער האָט געהאַט טייערע קליידער און שיינע קאָרעלן.

איינמאָל איז צום מלך געקומען אַ גרויסער רב, וואָס האָט געקענט די גאַנצע תורה, פון טאָוול צו טאָוול, אויסנווייניק. דעם קלוגן רב האָבן דאָס געשיקט די אידן צום מלך מיט אַ בקשה, אַז ער זאָל זיי לאָזן זיך באַזעצן אין זיין לאַנד, ווייל זיי האָבן געהערט, אַ דער מלך האָט ליב קליינע קינדער, אַז ער איז אַ גוטער, און מסתמא וועט ער זיין גוט צו זיי אויך.

דער מלך האָט זיי דערלויבט זיך באַזעצן אין זיין מדינה. ער איז אָבער געווען אַ מלך אַ רשע, און האָט זייער ליב געהאַט געלט. ער האָט אַרויפגעלייגט גרויסע צינזן אויף די אידן, וואָרים יעדעס קינד זיינס האָט געהאַט אַ סך קנעכט, יעדע טאָכטער האָט געהאַט זיבן מאָל זיבן דינסטן, און אַלע טאָג פלעגן זיי שיקן פולע פעסעלאַך מיט גאָלד אין מאַרק איינקויפן עסנוואַרג פאַרן גאַנצן הויף.

און וואָס אַ טאָג האָט דער מלך אַלץ מער געלט געפאָדערט פון די אידען; די ווידערשפעניגע האָט ער גע׳הרג׳עט, די רייכע האָט ער אריינגעזעצט אין תפיסה און זייער פאַרמעגן האָט ער צוגענומען.

איינמאָל האָט דער מלך געשיקט רופן דעם רב, וועלכער איז ביי אים שוין אַמאָל געווען און ערקלערט, אַז ער מוז אים הרג׳ענען און ער האָט אים געגעבען דריי טעג צייט תפלה צו טאָן. ער האָט אויך מסכים געווען צו דערפילן דריי פאַרלאַנגען, וואָס דער רב וועט וועלן פאַרן טויט.

דער רב איז געגאַנגען אַהיים און גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט האָט ער פאַרבראַכט אין תפלות. צום סוף דריי טעג האָט ער געזאָגט דעם מלך זיינע דריי פאַרלאַנגען:

דער ערשטער פאַרלאַנג — מען זאָל אים געבן אַ האָן, וואָס האָט אין די פליגלען ווייסע און שוואַרצע פעדערן. דער צווייטער פאַרלאַנג — מען זאָל אים לאָזן אויסרייסן פון די פליגלען זיבן שוואַרצע פעדערן, דער דריטער — מען זאָל אים לאָזן אויסרייסן זיבן ווייסע פעדערן.

דער מלך איז אַליין געקומען צום רב, וויל ער איז געווען נייגעריג צו וויסן, וואָס וויל דער רב פאַרן טויט. פאַרן רבס שטוב האָבן די אידן געוואַרט, כדי צו ברענגען דעם טויטן רב צו קבר ישראל.

דער רב האָט גענומען דעם האָן אין האַנט, ער האָט מתפלל געווען צו גאָט, און האָט אויסגעריסן איין שוואַרצע פעדער.

באַלד איז אַריינגעקומען דעם מלכ׳ס אַ באַדינער און אָנגעזאָגט אַ טרויעריקע בשורה: דעם מלכ׳ס בכור איז געשטאָרבן.

האָט דער רב אויסגעריסן אַ ווייסע פעדער, איז אַריינגעקומען דעם מלכ׳ס אַ דינסט און מיט אַ געוויין האָט זי אָנגעזאָגט, אַז דעם מלכ׳ס עלטסטע טאָכטער איז געשטאָרבן.

אזוי האָט דער רב אויסגעפליקט פינף מאָל צו שווארצע פעדער און פינף מאָל צו ווייסע פעדער, און יעדן מאָל איז אריינגעקומען א קנעכט אָדער א דינסט און געבראכט א טרויעריקע בשורה, אז ס׳איז געשטאָרבן א זון אָדער א טאָכטער פון מלך.

דעמאָלט האָט דער מלך פארשטאַנען, אז דאָס איז א שטראָף פון גאָט. ער האָט אראָפּגעלאָזן דעם גרויען קאָפּ אויפן ברוסט און זיך צעוויינט

„איך בעט דיך, רבי", האָט ער געזאָגט מיט א געוויין. „לאָז מיר לעבן מיינע לעצטע צוויי קינדער, וועל איך גוטס טאָן דיר און אַלע אידן".

האָט דער רב זיך דערבארעמט אויפן אומגליקלאכן מלך, און האָט אים געלאָזט לעבן זיינע צוויי קינדער. און פון דעמאָלט־אָן איז איבערגעקערט געוואָרן דאָס הארץ פון מלך, און ער האָט געטאָן גוטס אַלע אידן.



## צדקה.

עס איז געווען אמאל א איד א גרויסער בעל-צדקה. זיין גאנץ פארמעגן האט ער צוטיילט פאר ארימע.

איינמאל, אין הושענא רבה, האט דאס וייב אים געגעבן צען גילדן, ער זאל קויפן מלבושים פאר די קינדער. ווען ער איז ארויסגעגאנגען אין מארק, האט ער באגעגנט צוויי אידן. די אידן האבן געקליבן געלט אויף א בגד פאר א יתום. האט ער זיי אוועקגעגעבן זיין גאנץ געלט, און האט זיך געשעמט צו גיין אהיים.

איז ער אוועקגעגאנגען אין שול. דארט האט ער געזען ליגן אתרוגים, וואס די קינדער שפילן זיך מיט זיי אום הושענא רבה. האט ער אויפגעקליבן א פולן זאק מיט אתרוגים, איז אוועק צום ים הגדול און איז אפגעשוואומען אין א מדינה, וואו דער קיסר וואוינט.

אין יענער צייט איז דער קיסר קראנק געווען. האט מען אים געהייסן עסן אתרוגים, וועט ער געזונט ווערן. מען האט געזוכט אין אלע שיפן, נאר מען האט קיין אתרוגים נישט געפונען.

האבן דעם קיסר'ס שרים געטראפן דעם אידן זיצן אויף זיין זאק. זאגן זיי: האסטו עפעס? זאגט ער: איך בין אן ארימאן, איך האב גארנישט. האבן זיי אנגעהויבן זוכן אין זיין זאק און געפונען אתרוגים. האבן זיי געבראכט דעם אידן מיטן זאק פארן קיסר. דער קיסר האט געגעסן די אתרוגים און איז געזונט געווארן.

האט מען אויסגעליידיקט דעם זאק, און אנגעפילט מיט גאלדענע רענדלאך און אוועקגעגעבן דעם אידן.



## צער בעלי חיים.

אמאָל איז רבי געגאנגען אין גאַס. איבערן גאַס האָט מען געפירט אַ קאַלב צום שעכטן. די קאַלב איז אַנטלאָפן און אַרונטערגעשטעקט דעם קאָפּ אונטער רבים פּאָלע און גע־בעטשעט, ווי איינער זאָגט: ראַטעווע מיך!

זאָגט רבי צו דער קאַלב: „גיי וואו מען פירט דיך, דערצו ביזסטו באַשאַפן געוואָרן!"

דאָס האָט מען געהערט אויפן הימל, האָט מען געפּסקנט: ווייל ער האָט נישט קיין רחמנות אויף קיין לעבעדיקע באַשע־פעניש — זאָלן אויף אים קומען יסורים.

און רבי איז זייער קראַנק געוואָרן.

---

איינמאָל האָט רבים דינסט געראַמט אין שטוב. האָט זי געוואָלט אַרויסוואַרפן אין דרויסן קליינע קעצעלאַך. האָט רבי אַזוי געזאָגט צו איר: „לאָז זיי צו רו! גאָט האָט רחמנות אויף זיינע באַשעפענישן — לאָמיר אויך רחמנות האָבן.

האָט מען דאָס געהערט אויפן הימל און מען האָט געזאָגט:

„ווייל ער האָט רחמנות אויף לעבעדיקע באַשעפענישן, לאָ־מיר אויף אים אויך רחמנות האָבן.

און רבי איז באַלד געזונט געוואָרן.



# די מעשה מיטן רבס זון.

אמאל איז געווען א רב מיט א רביצן, האבן זיי קיין קינדער נישט געהאט, האבן זיי טאג און נאכט געוויינט, און פארלאנגט צו האבן א זון. איז געקומען צו זיי אן אלטער מאן, און האט זיי געזאגט, אז זיי האבן נישט קיין קינדער, ווייל מען וויל זיי קיין צער נישט פארשאפן, ווארים דאס קינד, וואס וועט ביי זיי געבארן ווערן, מוז דעם טאג, וואס ער וועט אלט ווערן זעכצן יאר, געהרגעט ווערן דורך א דונער. איז אויב זיי זיינען צופרידן מיט דעם גזר, וועט ביי זיי געבארן ווערן א קינד.

האט דער רב מיט דער רביצן געענטפערט, אז זיי זיינען צופרידן. וואס עס וועט זיין אין זעכצן יאר ארום — זאל זיין!

האבן זיי געהאט א זון. דאס קינד איז געוואקסן שיין און גוט און קלוג. דאס קינד איז עלטער געווארן און האט אנגע־הויבן גיין לערנען. וואס ווייטער אלץ בעסער. און ווער עס האט דעם קינד געקענט, האבן זיך אלע געפרייט און מען האט אים זייער ליב געהאט. נאר זיינע עלטערן האבן טאג און נאכט געוויינט, דאס קינד זאל בלייבן לעבן.

דאס אינגל האט באמערקט, אז טאטע־מאמע זיינען אלץ פארוויינט און פאראומערט. האט ער זיך געוואונדערט: אלע מענטשן, וואס קענען אים, פרייען זיך מיט אים, און זיינע טאטע־מאמע ווערן אלץ מער פארטרויערט.

איינמאל האט ער געפרעגט זיינע עלטערן, פארוואס זיי וויינען אזוי פיל. די עלטערן האבן זיך נישט געקענט איינהאלטן

און האָבן אים דערציילט די גאַנצע מעשה. דאָס אינגל האָט זיי אָבער געטרייסט, און האָט געזאָגט: לאָמיר האָפן, אַז איך וועל בלייבן לעבן.

אַז עס איז געקומען דאָס זעכצנטע יאָר, האָבן די עלטערן אויסגעבויט אַן אייזערנע שטיבעלע אין מיטן פעלד, און דאָס אינגל איז דאָרט געזעסן און געלערנט אַ גאַנץ יאָר.

נאָר ווען עס איז געקומען דער טאָג פון זיין געבאָרן, האָט זיך דאָס קינד אַזוי באַרעכנט: ווען עס איז מיר באַשערט גע־הרגעט צו ווערן, קען מען זיך נישט באַהאַלטן און איך וויל זיך נישט באַהאַלטן. איז ער אַרויס פון דעם אייזערנעם שטי־בעלע און האָט זיך געזעצט לערנען אויפן פרייען פעלד. דער־ווייל איז אָנגעגאַנגען אַ כמאַרע, מיט גרויסע שוואַרצע וואָלקנס, און עס האָט אָנגעהויבן דונערן און בליצן, און עס איז געוואָרן אַ גרויסער רעגן. מיטאַמאָל האָט אַ זעץ געטאָן אַ גרויסער דונער און ס'איז אַריין אין דעם אייזערנעם שטיבעלע. דאָס שטיבעלע איז צעבראָכן געוואָרן אויף קליינע שטיקעלאַך, און עס איז ניט קענטיק געוועזן, אַז אויף דעם אָרט איז אַמאָל וואָס געשטאַנען. אַזוי־אַרום איז דעם רבס זון לעבן געבליבן און ער איז געקומען צולויפן אַהיים.

דער רב מיט דער רביצן האָבן זיך מיט זייער זון זייער געפרייט און אַלע וואָס האָבן געקענט זייער זון האָבן זיך אויך געפרייט, און מען האָט געמאַכט אַ גרויסן מאָלצייט און גע־טיילט געלט אָרעמע לייט.

פון דעמאָלט־אָן האָט דער רב מיט דער רביצן געלעבט אין נחת און אין פרידן מיט זייער טייערן בן־יחיד.



# דריי קלוגע עצות.

א רייכער מאן האָט געשפּאַצירט אין זיין גאָרטן און האָט דערזען אַ פייגעלע, וועלכע האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין נעץ. ער האָט באַפרייט דאָס פיי געלע פון נעץ און גענומען עס אין האַנט. פּלוצלונג האָט דאָס פייגעלע אָנגעהויבן צו ריידן צו אים אויף אַ מענטשלאכן קול:

— לאָז מיך אָפּ, מענטש! שיין בין איך ניט, זינגען קען איך ניט און אויף צו עסן טויג איך אויך ניט. דו וועסט פון מיר קיין שום נוצן ניט האָבן. און וועסטו מיך באַפרייען, וועל איך דיר דריי נוצלאכע עצות געבן.

דער מענטש האָט איינגעשטימט, און דאָס פייגעלע האָט געזאָגט:

„ניט קימער זיך וועגן דעם וואָס עס איז שוין פאַרביי“;

„באַגער ניט דאָס, וואָס דו קאָנסט ניט דערגרייכן“;

„און גלויב ניט אין דעם, וואָס עס קאָן ניט זיין“.

דעם מענטשן זיינען געפעלן געוואָרן די עצות פונם פיי-געלע און ער האָט עס אָפּגעלאָזן. דאָס פייגעלע איז אַרויפגע-פלויגן אויף דעם נאָענטסטן בוים און האָט זיך פריילאך פונאַנ-דערגעלאַכט.

„וואָס לאַכסטו?“ — האָט דער מענטש געפרעגט.

— איך לאַך פון דיר — האָט דאָס פייגעלע געענטפערט — ווען דו וואָלסט געווען קליגער, וואָלסטו געוואָרן דער רייכסטער מענטש אויף דער וועלט.

„ווי אַזוי האָט דאָס געקאָנט ווערן?" — האָט דער מענטש פאַרוואונדערט געפרעגט.

— גאַנץ פשוט, דו האָסט מיך געדאַרפט פאַרהאַלטן און ניט פריילאָזן. זיי וויסן, שוטה, אַז איך טראָג אין זיך אַ דימענט, די גרויס ווי אַ הינערשע איי.

דער מענטש איז געשטאַנען צומישט פאַר פאַרדרוס. און ווען ער איז אַביסל צו זיך געקומען, האָט ער אָנגעהויבן איינ־צושמועסן דאָס פייגעלע זיך צוריקצוקערן צו אים.

„טייערע פייגעלע! — האָט ער געזאָגט — דאָס גליק ליגט גאָרניט אין דער פרייהייט. באַלד וועט קומען דער קאַלטער ווינטער, און דו וועסט ערגעץ ניט געפינען קיין קערנדל, ניט קריגן קיין טראָפּן וואַסער. קום בעסער צו מיר, און דו וועסט פאַרברענגען די צייט אין ווארימקייט און פאַרגעניגן".

דאָס פייגעלע האָט זיך נאָך שטאַרקער צולאַכט און האָט געענטפערט:

„דו האָסט מיך באַפרייט פאַר מיינע גוטע עצות, און האָסט זיי גלייך פאַרגעסן. דערמאָן זיך, וואָס איך האָב דיר געזאָגט: ערשטנס — קימער זיך ניט וועגן דעם, וואָס עס איז שוין פאַר־ביי. און דיר פאַרדריסט שוין וואָס דו האָסט מיך אָפּגעלאָזן. צווייטענס — ניט באַגער דאָס, וואָס דו קענסט ניט דערגרייכן. און דו ווילסט, איך זאָל צוריקגיין צו קנעכטשאַפט, צום טויט. ענדלאַך, — ניט גלויב אין דעם, וואָס עס קאָן ניט זיין. און דו, נאַרישער מענטש, האָסט מיר גלייך געגלויבט, אַז איך טראָג אין זיך אַ דימענט די גרויס ווי אַ הינערשע איי, ווען איך אינגאַנצן בין צוויי מאָל קלענער, פון אַזאַ איי".

ביי די ווערטער האָט זיך דאָס פֿייגעלע אויפגעהויבן און אוועקגעפלויגן.



ג ל י י כ ו ו אָ ר ט : דאָס וואָס איז אוועק, קומט שוין ניט צוריק.

## די מלכה סי־לין־טשי.

אין דעם לאַנד כינע איז געווען אַ מלך מיטן נאָמען גו־אַן־טשי. איינמאָל זאָגט דער מלך גו־אַן־טשי צו זיין ווייב דער מלכה סי־לין־טשי: ליב ווייב מיינע! איך וואָלט וועלן, אַז מיין פאָלק זאָל אייביק געדענקען דיין נאָמען. נאַ דיר דאָס דאָזיקע קליין ווערעמל, היט עס, וועט דיך מיין פאָלק אייביג בענטשן.

סי־לין־טשי האָט גענומען דאָס ווערעמל און האָט עס געהיט. זעט זי איינמאָל, אַז דאָס ווערעמל לאָזט אַרויס פון זיך אַזעלכע דינע פעדעם ווי שפינוועבס און וויקלט זיך אַרום מיט זיי. האָט די מלכה גענומען די פעדים, האָט זיי אויסגעשפינט און געמאַכט גראָבע פאָדים. פון די פאָדים האָט זי נאָכדעם אויסגעוועבט אַ שיין טיכל; דאָס איז געווען די ערשטע זיידענע טיכל אין דער וועלט.

די מלכה האָט זיך צוגעקוקט צום וואָרעם, און האָט באַמערקט, אַז ער עסט בלעטער פון מאַרוועז־בוימער. האָט זי געהייסן דעם גאַנצן פאָלק, אַז יעדערער זאָל פלאַנצן עטלאָכע מאַרוועז־בוימער ביי זיך אין גאָרטן, כדי די זייד־ווערעם זאָלן האָבן וואָס צו עסן.

די מלכה האָט אויסגעלערנט איר גאַנץ פאָלק האָדעווען זיידן־ווערעם און וועבן זיידנס. האָבן אָנגעהויבן קומען אַ סך סוחרים פון אַלע לענדער און מדינות. זיי האָבן געבראַכט גאָלד מיט זילבער מיט ברילאַנטן, און דאָס אַלץ האָבן זיי אַוועקגעגעבן פאַר די זיידנס. דערפון איז כינע גרויס און רייך געוואָרן.

פון יענער צייט אָן איז שוין אַריבער פינף טויזנט יאָר. און ביז היינט געדענקען די כינעזער דעם נאָמען פון זייער מלכה סי־לין־טשי, און אַלע יאָר פייערן זיי אַ טאָג צו איר אָנדענקען.

# דאָס וואונדערלאַכע מילכל.

מיט אַ סך יאָרן צוריק האָבן אויפֿן ברעג ים געוואוינט צוויי ברידער, אַ רייכער און אַן אָרעמער. איינמאָל ערב פּסח איז בײַם אָרעמאַן אין שטוב גאָרנישט געווען צוגעגרייט אויף יום־טוב: נישט קיין פֿלייש, נישט קיין ווײַן, און אפֿילו קיין שטיקל מצה איז בײַ אים אין שטוב נישט געווען. איז דער אָרימער ברודער אַוועק צום רײַכן און אים געבעטן, אַז ער זאָל אים העלפֿן אויף יום־טוב.

דער רײַכער איז געווען אַ קאַרגער און אַ שלעכטער. זאָגט ער צום אָרימען ברודער אַזוי:

— שווער זיך, אַז דו וועסט מיר פֿאָלגן, וואָס איך וועל דיר איצט זאָגן, וועסטו קריגן בײַ מיר אַ געבראָטענע הון.

דער אָרימער האָט זיך דערפֿרייט, ער וועט האָבן וואָס צו געבן עסן זײַנע קינדער, האָט ער געדאַנקט דעם ברודער און האָט זיך געשוואָרן, אַז ער וועט אים פֿאָלגן.

דער רײַכער ברודער האָט אים געגעבן די געבראָטענע הון און דערבײַ געזאָגט:

— איצט גיי צום טײַוול!

דער אָרעמאַן האָט געקלערט: מילא, איך האָב געשוואָרן, וועל איך מײַן שבועה מקיים זײַן.

דעם גאַנצן טאָג איז דער אָרימאַן געגאַנגען און געזוכט, און ערשט פֿאַרנאַכט האָט ער דערזען פֿון ווײַטן אַ שײַן פֿון אַ ליכט. ער איז צוגעגאַנגען צו דעם אָרט. וואו עס האָט געלויכטן און האָט דאָרט באַגעגנט אַן אַלטן מאַן.

— גוטן אָוונט, אַלטיטשקער!

— גוטן אָוונט, גוט יאָר! — וואָס זוכסטו דאָ?

— איך זוך דעם טייוול! מיין ברודער האָט מיך געשיקט צום טייוול.

— דאָ וואוינט טאַקע דער טייוול. — האָט דער אַלטער געענטפערט. — גיי אַריין אינעווייניק, און אַז מען וועט וועלן קויפן ביי דיר די הון, זאָלסטו פאַרלאַנגען פאַר איר דאָס קליין מילכל, וואָס שטייט אין ווינקל; וואָרים דאָס מילכל איז די טייערסטע זאַך, אַז דו וועסט זי קריגן, וועל איך דיך אויסלערנען, ווי זיך צו באַגיין מיט איר.

אַזוי איז טאַקע געשען. די שדים האָבן דערזען די געבראָטענע הון, האָבן זיי אים אַרומגערינגלט און געוואָלט דווקא אָפּקויפן ביי אים. ער האָט אָבער אַנדערש נישט געוואָלט, ווי דאָס מילכל, האָבן זיי אים געגעבן דאָס מילכל. דער אַלטיטשקער האָט אים געוויזן, וואָס ער האָט צו טאָן מיט איר, און ער איז געגאַנגען אַהיים.

אין דערהיים האָט ער אַוועקגעשטעלט דאָס מילכל אויפן טיש, ער האָט אַ דריי געטאָן אַ רעדעלע, און דאָס מילכל האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן פון זיך, וואָס נאָר זיין האַרץ האָט געגלוסט. פון אָנהויב האָט ער געוואָלט אַלע מיני-מאכלים און געטראַנקען, נאָכדעם — נייע בגדים, דערנאָך — זילבער און גאָלד, און אין איין מינוט איז דער אָרעמאַן רייך געוואָרן.

דער רייכער ברודער האָט זיך דערוואוסט פון גליק, וואָס האָט געטראָפן זיין ברודער דעם אָרעמאַן, האָט ער אים זייער מקנא געווען; ער איז געקומען צום ברודער און גענומען אים איינריידן, אַז ער זאָל אים פאַרקויפן דאָס מילכל. ער האָט אַזוי

לאַנג געדערט, ביז דער ברודער האָט אים דאָס מילכל פאַרקויפט פאַר זייער אַ סך געלט.

דער רייכער ברודער האָט געבראַכט די מילכל אַהיים. ער האָט אָבער פאַרגעסן צו פרעגן ביים ברודער, ווי זיך צובאַגיין מיטן מילכל.

אינדעם איז געקומען זיין ווייב און געזאָגט, אַז זי באַדאַרף זאַלץ. דאָס מילכל האָט אָנגעהויבן שיטן זאַלץ, און וואָס ווייטער איז אַלץ מער געגאַנגען זאַלץ. און דער ברודער האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי אָפּצושטעלן דאָס מילכל און די זאַלץ איז אַלץ געגאַנגען. עס איז שוין פול געוואָרן די שטוב מיט זאַלץ, און די זאַלץ האָט זיך שוין אָנגעהויבן שיטן אויפן גאַס. אויך די גאַס איז פול געוואָרן מיט זאַלץ. האָט געזען דער רייכער ברודער, אַז עס וועט באַלד דערגיין די זאַלץ ביזן דאַך, און ער וועט נישט האָבן וואו צו אַנטלויפן, האָט ער געכאַפּט און אַריינגעוואָרפן דאָס מילכל אין ים אַריין.

פון דעמאָלט־אָן שטייט דאָס מילכל אויפן גרונט פון ים און שיט זאַלץ, דעריבער איז דאָס וואסער פון ים געזאַלצן.



# צוויי חברים.

זיינען געגאַנגען צוויי חברים אין וואַלד קליינע יאַגדעס, האָבן זיי פּלוצלונג דערזען אַ גרויסן, גרויען בער, מיט אַן אָפן מויל. איז איינער פון די חברים תיכף נעלם געוואָרן: ער האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ בוים און זיך דאָרטן באַהאַלטן. דער צווייטער אָבער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד און געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער איז טויט.

גייט צו דער בער צו דעם אינגעלע און הויבט אים אָן אַרומצושמעקן. שמעקט ער אים דאָס פּנימ'ל, די הענט, די פיס, זעט ער, אַז דאָס אינגל איז טויט, ווי אַלע טויטע. נעמט דער בער און גייט-אַוועק.

אַוועקגעגאַנגען דער בער, קריכט-אַראָפּ דער צווייטער אינגל פון בוים און צעלאַכט זיך.

— חבר, — מאַכט ער נאָכדעם, — וואָס האָט דיר דער בער איינגערוימט אויפן אויערל?

עפנט יענער די אויגן און רופט זיך אָן:

— דער בער האָט מיר געזאָגט: „אַ שלעכטער חבר איז דער, וואָס לאָזט-איבער זיין חבר אין אַ סכנה און אַנטלויפט“...





דער אינגעל מאכט זיך טויט

# הלל הזקנס מוילאייזל

הלל הזקן איז געווען אַ גרויסער בעל־רחמים. זיינע לעצ־טע פרוטות פלעגט דער אַלטער צוטיילן און אַז ער פלעגט אין וועג באַגעגענען אַן אָרימאַן, פלעגט ער אָפּשטעלען זיין מויל־אייזל, צורופן דעם אָרימאַן און אַוועקגעבן זיין לעצט ביסל געלט. דער מוילאייזל האָט זיך אַזוי צוגעוויינט צו דעם, אַז ער פלעגט זיך שוין אַליין אָפּשטעלן, ווען ער פלעגט אָנבאַ־געגענען אַן אָרימאַן. דעריבער האָט ער געהייסן — דער מויל־אייזל מיטן גוטן הארץ.

איינמאָל איז הלל קראַנק געוואָרן. אין דעם אייגענעם טאָג אָבער האָט ער באַדאַרפט זיין אין דער סביבה פון ירושלים. האָט ער אַהין געשיקט זיין תלמיד. דערווייל איז געוואָרן נאַכט און דער תלמיד איז צו דער באַשטימטער שעה נישט געקומען. איז הלל געוואָרן זייער אומרואיק, ווייל אין דער דאָזיקער סביבה זיינען פאָרגעקומען מרידות און מלחמות.

ערשט שפּעט ביינאַכט איז געקומען דער תלמיד. פרעגט אים הלל:

— פאַרוואָס ביזטו אַזוי שפּעט געקומען, ליבער תלמיד?

רופט זיך אָן דער תלמיד:

— אַלץ דיין מוילאייזל.

— וואָס איז געשען, מיין זון? — חידוש'ט זיך דער אַלטער.

זאָגט דער תלמיד:

— צו דיין אייזל, רבי, באַדאַרף מען האָבן דיין געדולד און קורח׳ס אוצרות. אַ שווערן וועג האָב איך געהאַט. פאַר יעדן אָרימאַן, פאַר יעדן אביון שטעלט ער זיך אָפּ און וויל זיך נישט רירן פון אָרט, ביז איך לייג נישט אריין יענעם אַ נדבה אין האַנט אריין. האָב איך אָבער זייער ווייניק געלט געהאַט, בין איך געבליבן שטיין אינמיטן וועג נעבן אַ גרויסן קבצן און זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט.

— וואָס־זשע האָסטו געטאָן, מיין קינד? — האָט דער אַלטער ווידער געפרעגט.

ענטפערט דער תלמיד:

— איך האָב אים געמוזט אָפּנאַרן, דעם גוטן מוילאייזל. קיין אַנדער מיטל ניט געווען. איך האָב אריינגעשטעקט די הענט אין קעשענע און ליידיקע הויפּנס געשיינקט די אָרימעלייט... דער מוילאייזל האָט, נעבאַך, געמיינט, אַז איך טייל נדבות און האָט זיך באַרואיקט.

אויף הלל־הזקנ׳ס פנים האָט זיך באַוויזן אַ גוטמוטיקער שמייכל...



## דער באָקסערבוים

אַמאָל איז אַ מלך געפאָרן איבער אַ ברייטן פעלד. דערזעט ער: אַן אַלטער מאַן שטייט און פלאַנצט אַ באָקסערבוים.

פרעגט ער אים:

— זיידע, אין וויפיל יאָר אַרום וועט דער בוים געבן פירות?

ענטפערט דער זקן:

— אין זיבעציק יאָר אַרום.

לאַכט דער מלך:

— איז דען מעגלאַך, אַז דו זאָלסט לעבן נאָך זיבעציק יאָר? גלויבסטו, אַז דו וועסט נאָך דערלעבן צו עסן די פירות פון דעם בוים?

זאָגט דער זקן:

— איך האָב געפונען באָקסער אויף דער וועלט, ווייל מיינע עלטערן האָבן געפלאַנצט באָקסערביימער פאַר מיר. איצט טו איך דאָס אייגענע: פלאַנץ איך באָקסערביימער פאַר מיינע קינדער.

דער מלך האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט געפרעגט אַ נאַרישקייט, איז ער, אַ פאַרשעמטער, ווייטער געפאָרן.



# דער קלוגער משפּט

אַמאָל, אין שלמה-המלכ'ס צייטן, האָבן געוואוינט אין איין שטוב צוויי פרויען.

ביידע האָבן זיי געהאַט צו קליינע קימפּעט-קינדער פון איין עלטער. איינמאָל ביינאַכט האָט איינע פון די ביידע מו־טערס שלאָפנדיק דערשטיקט איר קינד. אַז זי האָט זיך אויפ־געכאַפּט און האָט דערזען, אַז איר קינד איז טויט, האָט זי עס שטילערהייט אַוועקגעלעגט ביי איר שכנ'טע און זיך צוגענו־מען דער שכנ'טעס לעבעדיק קינד.

אויף מאָרגן אין דער פרי האָט יענע פרוי זיך אויפגע־כאַפּט און געוואָלט אָנזויגן איר קינד; אָבער גלייך האָט זי דערזען, אַז נעבן איר ליגט אַ פרעמד, טויט קינד. האָט זי גע־נומען זוכן איר קינד און האָט עס געפונען ביי דער צווייטער פרוי אין בעט.

— גיב מיר אָפּ מיין לעבעדיק קינד און נעם דיר דיין טויט קינד! — האָט זי גענומען פאָדערן פון איר שכנ'טע.

יענע האָט אָבער אַלץ אָפּגעלייקנט: „דאָס לעבעדיקע קינד איז מיינס“, האָט זי גע'טענה'ט.

לאַנג האָבן די פרויען זיך געקריגט און צום סוף זיינען זיי אַוועק צו אַ דין-תורה צו שלמה המלך, דעם קליגסטן פון אַלע מענטשן אויף דער וועלט.

שלמה המלך האָט אויסגעהערט זייערע ביידנס טענות און האָט אַזוי גע'פּסק'נט:

אַזוי ווי עס איז אוממעגלאַך צו דערגיין דעם אמת, ווע־מעם איז דאָס לעבעדיקע און וועמעס איז דאָס טויטע קינד, זאָל מען דאָס לעבעדיקע קינד צעשניידן אויף העלפט און צעטיילן צווישן ביידע מוטערס.

— נעם דעם שווערד און צעשנייד דאָס קינד, — האָט שלמה געזאָגט צו אַ זעלנער פון זיין וואַך.

— גוט! זאָל זיין ניט מיר, ניט איר! — האָט אויסגע־שריען די פאַלשע מאַמע מיט שמחה.

— ניין! ניין! זאָל שוין דאָס קינד בעסער בלייבן ביי איר, נאָר זאָל מען עס ניט טויטן! — האָט מיט אַ געוויין גענומען בעטן די אמת׳ע מאַמע און האָט זיך געוואָרפן צו שלמה׳ס פיס, ברעכנדיק די הענט.

— אָט די איז די אמת׳ע מאַמע, ווייל ביי איר איז דאָס קינד טייער, — האָט שלמה געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף דער וויינענדיקער פרוי. — גיט איר אָפּ דאָס קינד!

אַזוי האָט שלמה המלך באַוויזן, ווער די אמת׳ע מאַמע איז.





שלמה המלך׳ס משפט

# דער אדלער און די קאַץ.

הינטערן דאָרף האָט זיך פריילאך געשפּילט אַ קאַץ מיט אירע קעצעלאך. די פרילינג-זון האָט געוואַרעמט, און די קליינע משפּחה איז געווען צופרידן און גליקלאך. מיט אַמאָל האָט זיך פון ערגעץ באַוויזן אַ גרויסער אָדלער. ווי אַ בליץ האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזן פון דער הויך און האָט אָנגעכאַפּט איין קעצל. נאָר ער האָט נאָך ניט באַוויזן זיך אויפצוהויבן, ווי די קאַץ האָט זיך שוין איינגעדראַפּעט אין אים מיט אירע נעגל. דער גזלן האָט אָפּגעלאָזן די קעצל און זיך גענומען פאַר דער גרויסער קאַץ. ס'האָט זיך צעפלאַקערט אַ שאַרפע מלחמה.

דער אָדלער איז געווען שטאַרקער פאַר דער קאַץ, ווייל ער האָט אַ שטאַרקן שנאָבל און קרעפטיקע לאַפּעס מיט לאַנגע און קרומע נעגל. ער האָט מיט זיינע נעגל געריסן בא דער קאַץ די פעל און האָט איר אויסגעפּיקט אַן אויג. נאָר זי האָט דעם מוט ניט פאַרלאָרן און האָט זיך פעסט איינגעדראַפּעט מיט אירע נעגל אין אָדלער אַריין און האָט אים דורכגעביסן דעם רעכטן פליגל.

איצט האָט שוין די קאַץ גענומען מנצח זיין. נאָר דער אָדלער איז נאָך אַלץ געווען זייער שטאַרק, און די קאַץ איז שוין געווען פאַרמאַטערט. פונדעסטוועגן האָט זי צונויפגעקליבן די לעצטע כחות, האָט געשיקט אַ שפּרונג געטאָן און האָט דעם אָדלער אַנידערגעוואָרפן אויף דער ערד. אין דערזעלביקער רגע האָט זי אים אָבגעביסן דעם קאָפּ. זי האָט גלייך פאַרגעסן אירע אייגענע וואונדן און האָט זיך גענומען אַרומלעקן איר פאַר־וואונדט קינד.

# דער בעל־מופת

ס׳איז געווען אַמאָל אַ רייכער מאַן. ער האָט געהאַט פיל גאָלד און זילבער און שאַף און רינדער אַ סך און אַ שטוב פון אַלדאָס גוטס. נאָר ער איז געווען אַ שלעכטער אָט דער גביר. קיינמאָל פלעגט ער אַן אָרימאַן אַפילו אַ שטיקל ברויט ניט געבן, אַלעמען פלעגט ער מקנא זיין, קיינעם דאָס לעבן ניט פאַרגינען.

טרעפט זיך אַמאָל, אַז אין אַ קאַלטער ווינטער־נאַכט קומט צו זיין הויז אַן אָרימאַן, שטעלט זיך הינטער׳ן טיר און בעט זיך רחמים, ער זאָל אים אַריינלאָזן אין שטוב זיך אָנוואַרימען אַביסל און זיך אָפּרוען. דער גביר האָט אים אָבער ניט אַריינ־געלאָזן.

איז זיך דער אָרימאַן אַ מידער אַוועק ווייטער, קוים וואָס ער האָט זיך דערשלעפּט צום עק שטאָט. דאָרט איז געשטאַנען אַ נידעריק הייזל, וואו עס האָבן געוואוינט אַ פּאָר אַלטע לייט, מאַן און פרוי, אביונים. דער אָרימאַן האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר; מען האָט אים געעפנט, אין שטוב אַריינגענומען, געגעבן עסן און טרינקען און געגעבן אַן אָרט זיך דורכצושלאָפן, זיך אָפּצורוען.

אויף מאָרגן, פאַר׳ן אַוועקגיין, האָט ער געבענטשט דעם אַלטן מיט זיין ווייב, זיי זאָלן זוכה זיין זיך אויסצובויען רייכע, שיינע פּאַלאַצן, כדי אין זיי אָנצונעמען אורחים.

ווי נאָר דער וואַנדערער איז אַרויס פונ׳ם שטיבל, אין דער זעלבער רגע האָבן דער אַלטער און זיין ווייב דערזען, אַז אָנ־

שטאָט זייער אַלט הייזל איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסער פּרעכ־טיקער פּאַלאַץ. האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז דער אָרימער וואַנ־דערער איז אַ בעל־מופת.

מיטאָג־צייט איז דער גביר אַרויס הינטערן שטאָט שפּאַ־צירן. פּלוצים דערזעט ער, אַז אָנשטאָט דעם איינגעפאַלענעם נידעריקן אָרימען הייזל, איז אויסגעבויט אַ פּרעכטיקער, גרוי־סער פּאַלאַץ.

האָט ער גענומען פאָרשן ביי די בעלי־בתים פון׳ם פּאַלאַץ, ביי דעם אַלטן און זיין ווייב, האָבן זיי אים דערציילט וועגן דעם אָרימען וואַנדערער, וואָס האָט ביי זיי איבערגענעכטיקט און זיי געבענטשט פאַר׳ן אַוועקגיין.

האָט זיי דער גביר מקנא געווען. האָט ער אָנגעיאָגט דעם אָרימאַן, דעם בעל־מופת, און געזאָגט צו אים:

— בענטש מיר אויך, איך בעט דיך!

זאָגט צו אים דער בעל־מופת:

— גיי אַהיים, דאָרט וועסטו מיין ברכה געפינען.

איז דער גביר אַוועק אַהיים. קומענדיק, האָט ער דערזען אויפ׳ן טיש אַ גאָלדענע מטבע. דער גביר האָט געמיינט, אַז אין דער מטבע איז באַהאַלטן אַ גרויסער רייכטום און האָט זיך געאיילט זי אין האַנט אַריינצוכאַפּן. נאָר ווי ער האָט זיך צו איר צוגערירט, איז פון איר אַרויס אַ גרויסער פלאַם־פייער, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע הויז און פאַרברענט דאָס הויז מיטן בעל־הבית מיט זיין גאַנצן רייכטום.

דער אַלטער מיט זיין ווייב האָבן נאָך אַ צייט געלעבט אין רייכקייט, כבוד און אין נחת.



# יוסף מוקיר שבת

ביי איינעם אַ רייכן פּריץ אין אַ מאַיאָנטעק האָט אַמאָל געוואוינט אַן אָרימאַן, אַ איד, יוסף. ער האָט געאַרבעט אין דעם פּריצ'ס פעלדער, סעדער און וויינגערטנער. דער פּריץ איז געוועזן אַ שלעכטער, און האָט יוספ'ן געצווינגען צו טאָן די שווערסטע אַרבעט פון פרימאָרגן ביז באַנאַכט, און פלעגט אים נאָך אָפּנאַרן ביים באַצאָלן.

אָט דער אָרימער איד האָט געהאַט אַ מנהג אָפּצוהיטן דעם שבת מיט גרויס איבערגעבנקייט. אַ גאַנצע וואָך פלעגט יוסף און זיין הויזגעזינד עסן נאָר ברויט מיט וואַסער. אָבער אויף שבת פלעגט ער אָנגרייטן פאַר דעם לעצטן גראָשן פיש און פלייש און זיך איבערטאָן אין שיינע קליידער. און דערפאַר האָבן אים אַלע, ווער עס האָט אים געקענט, טאַקע אַ נאָמען געגעבן: יוסף מוקיר שבת, ד. ה. שבת-היטער.

יוסף האָט זיין בעל-הבית געטריי געדינט, און דער פּריץ איז וואָס פון טאָג רייכער געוואָרן.

איינמאָל חלומ'ט זיך דעם פּריץ אַ חלום, אַז אַן אַלטער מאַן מיט אַ גרייז-גרויער באָרד, אָנגעטאָן אין אַ ווייסן מאַנטל, איז אריין אין זיין פּאַלאַץ. ער האָט זיך גענומען בייזערן אויף אים דערפאַר, וואָס ער נויט יוספ'ן אַזוי שווער צו אַרבעטן; און צום סוף האָט ער געזאָגט: „דיין גאַנצן האָב און גוטס האָט דיר יוסף אַריינגעבראַכט, צו אים וועט דאָס מיט דער צייט געהערן“.

דער פּריץ האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף אַ צעשראָקענער: „ווי זאָל איך אָפּראַטעווען מיין גוטס פון דעם אידנס הענט?“ — האָט ער לאַנג געקלערט. און צום סוף האָט ער

באַשלאָסן: „איך וועל פאַרקויפן מיינע אַלע גיטער, און פאַר דאָס געלט וועל איך קויפן איין טייערן חפץ, און דעם חפץ וועל איך שוין קענען אויסהיטן פון דעם אידנס העזט".

געזאָגט און געטאָן. ער האָט זיין גאַנצן אייגנס געמאַכט צו געלט, און פאַר דאָס געלט האָט ער געקויפט אַ זעהר טייערן בריליאַנט און אים איינגעניים אין זיין היטל.

— איצט וועט שוין יוסף אַ ביסל וואַרטן, ביז ער וועט קומען צו מיין גוטס — האָט זיך דער פריץ געטראַכט אין האַרצן.

איינמאָל איז דער פריץ געגאַנגען איבער אַ בריק. האָט אַ בלאָז געטאָן אַ שטאַרקער ווינט, האָט באַ אים אַראָפּגע־ריסן די היטל פון קאָפּ און פאַרטראָגן אין טייך אַריין. די היטל איז אָפּגעלעגן אין וואַסער אַ לאַנגע צייט און איז פאַר־פוילט געוואָרן. איז געקומען צושווימען אַ גרויסער פיש און איינגעשלונגען דעם טייערן שטיין. איז געקומען אַ פישער צום טייך און האָט דעם פיש געכאַפּט. דער פישער האָט דעם פיש געבראַכט אין שטאָט אַריין צו פאַרקויפן, נאָר קיינער האָט אים ניט געוואָלט קויפן, ווייל דער פישער האָט געבעטן פאַר אים אַ גרויסן מקח.

טראַכט זיך דער פישער: „איך וועל אָקאָרשט אַריבערגיין צו יוסף מוקיר שבת. אָט דער אָרימאַן קאַרגט ניט קיין געלט אויף פיש צו שבת".

יוסף האָט אָפּגעקויפט דעם פיש. אַז מען האָט דעם פיש געמאַכט אויף שבת, האָט מען געפונען אין אים דעם בריליאַנט.

נאָך שבת האָט יוסף פאַרקויפט דעם טייערן שטיין און איז געוואָרן אַ גרויסער גביר.



# דאָס וואונדערלאַכע פייפל

א.

נישט ווייט פון אַ גרויסן וואַלד איז געווען אַ קליין דערפל. ביים אָנהויב דאָרף איז געשטאַנען אַ קליין אָרים הייזל. אין הייזל האָט געוואוינט טוביה דער האָלצהעקער און פיר קינדער־לאָך. טוביה דער האָלצהעקער איז געווען אַ גרויסער אָרימאַן.

איינמאָל פאַרנאַכט האָבן אין טוביה'ס טיר אָנגעקלאַפּט דריי אַלטע אידן, אָרימעלייט. ווען טוביה האָט זיי געעפנט די טיר, האָבן זיי געבעטן אַ שטיקל ברויט און נאַכטלעגער.

— אַך, גוטע מענשן, — האָט טוביה צו זיי געזאָגט, — איך האָב נאָר איין בעט פאַר די קינדער. עסן האָב איך בלויז קאַר־טאָפל און אַ שטיקל שוואַרץ ברויט. נאָר עס מאַכט נישט אויס, קומט, עסט עפּעס און לייגט זיך שלאָפן.

די דריי אָרימע לייט האָבן געגעסן מיט גרויס חשק, דער־נאָך זיך אַנידערגעלייגט און באַלד איינגעשלאָפן.

ב.

אינדערפרי האָט איינער פון די אָרימעלייט געזאָגט, אַז זיי ווילן אים באַצאָלן פאַר זיין גוטסקייט. נאָר טוביה האָט קיין געלט נישט געוואָלט נעמען. האָט דעמאָלט דער צווייטער אָרי־מאַן געזאָגט:

— דערפאַר וועלן מיר דיר געבן אַ מתנה, וואָס איז טייערער פון געלט: נאַדיר אַ פייפעלע, אַז דו וועסט עפּעס ווען, זאָלסטו אַ פייף טאָן, וועסטו באַלד האָבן, וואָס דו פאַרלאַנגסט.

די אָרימע לייט זיינען אַוועקגעגאַנגען. קוקט טוביה דער האָלצהעקער אויפן פייפעלע און לאַכט:

— צו וואָס טויג מיר אַ פייפעלע? איך בין דאָך נישט קיין קליין קינד. נאָר איך וועל מיר פּרובירן פייפן. איך וויל, אַז אַז אויפן טיש זאָלן איצט שטיין זעמל מיט מילך, מיט אייער און פּוטער...

טוט ער אַ פייף — און גלייך שטייט אויפן טיש אַלץ, וואָס ער האָט אויסגערעכנט, און עס ליגט נאָך אַ שיין זילבערן מעסער מיט זילבערנע לעפעלאַך און מיט אַ גאָלדן זאַלצמעסטל. האָט טוביה שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נישט קיין פּראָסט פייפל. און אַז ער האָט נאָר עפּעס באַדאַרפט, איז גענוג געווען, ער זאָל אַ פייף טאָן, איז שוין אַלץ געשטאַנען אופן טיש.

ג.

גייט זיך די צייט, און טוביה, דער האָלצהעקער, איז שוין אַ גביר געוואָרן. אויף דעם אָרט, וואו עס איז פריער געשטאַנען דאָס קליינע איינגעפאַלענע הייזל, האָט טוביה אויסגעבויט אַ גרויסן און שיינעם פּאַלאַץ. לעבן פּאַלאַץ איז געווען אַ שיינער גאָרטן מיט אַלערליי בלומען, און אין מיטן גאָרטן האָט זיך גע־קייקלט אַ קליין זילבערן וואַסערל, און אין וואַסערל האָבן זיך געשפּילט פישעלאַך.

אַז דער פּאַלאַץ איז אינגאַנצן אויפגעבויט געוואָרן, האָט טוביה געמאַכט אַ גרויסן מאָלצייט. האָט ער צונויפגערופן אַלע פּריצים פון די דערפער און שטעט.

זיינען אַלע געקומען, זיך אויסגעזעצט פאַר די לאַנגע טישן, געגעסן און געטרונקען און זיך געלאָזט וואויל גיין. ביים טויער פון פּאַלאַץ האָט טוביה אַוועקגעשטעלט דינער, זיי זאָלן נישט

אַריינלאָזן קיין אָפּגעריסענע, קיין אָרימעלייט, מען זאָל אים נישט שטערן די שמחה.

ד.

דעמזעלבן אָוונט זיינען דורכגעגאַנגען פאַרביי דעם פּאַלאַץ יענע דריי אָרימע לייט, וואָס האָבן געגעבן טוביה׳ן דאָס פּייפל, זעען זיי, אַז ביי טוביה׳ן איז אַ שמחה. זאָגט איינער: לאָמיר אַריינגיין אַ קוק טאָן, לאָזט מען זיי אָבער נישט אַריין. און אַ זיי ווילן נישט אַוועקגיין, שיקט מען אַרויס אַ גרויסן הונט אויף זיי, וואָס רייסט אָפּ ביי איינעם די קאַפּאָטע און בייסט איין דעם צווייטן. גייען די אָרימע־לייט אַוועק.

נאָר אין אַ רגע אַרום קומט אָן אַ גאָלדענע קאַרעטע, גע־שפּאַנט אין פיר פערד פון קאַרעטע גייען אַרויס דריי פאַרפּוצטע פּריצים מיט בריליאַנטן און גאָלדענע פינגערלאַך אויף די הענט, עפנט מען באַלד טיר און טויער פאַר זיי. לויפט טוביה זיי אַרויס אַנטקעגן און דערקענט אין זיי די אָרימע לייט, וואָס האָבן אים געגעבן דאָס פּייפל. נאָר די אָרימע לייט האָבן געזאָגט:

— מיר ווילן נישט זיין אויף קיין שמחה ביי אַ אידן, וואָס לאָזט נישט אַריין צו זיך קיין אָרימע לייט. — און איינער האָט געוויזן די קאַפּאָטע, וואָס די הינט האָבן אים צעריסן.

דער עלסטער פון זיי האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ פּייפל, פּונקט אַזאַ ווי ער האָט געגעבן טוביה׳ן, אַ פייף געטאָן איינס־צוויי־דריי — און באַלד איז פאַרשוואונדן געוואָרן דער פּאַלאַץ מיטן גאָרטן, מיט אַלע טייערע זאַכן, וואָס טוביה האָט געהאַט, און עס איז ווידער געשטאַנען דאָס אַלטע איינגעפאַלענע הייזל.

און די דריי אַלטע לייט זיינען פאַרשוואונדען געוואָרן.

# דער שלעכטער ריז

יעדן נאָכמיטאָג, ווען זיי זיינען געגאַנגען פון שול, פלעגן די קינדער אַריינגיין אינם ריז׳ס גאָרטן און זיך דאָרט שפּילן.

עס איז געווען אַ גרויסער שיינער גאָרטן מיט ווייכן גרינעם גראָז. דאָ און דאָרט האָבן פון גראָז, ווי שטערנדלאַך, אַרויסגעקוקט שיינע בלומען, און דאָרט זיינען געווען צוועלף מאַרעלן-ביימער, וואָס פרי־יאָר צייט פלעגן זיי זיך באַדעקן מיט איידעלער בליאונג און אין שפּעט־יאָר פלעגן זיי טראָגן אַ סך פרוכטן. די פייגעלאַך זיינען געזעסן אויף די ביימער און געזונגען אַזוי זים.

איינמאָל איז דער ריז געקומען אַהיים. האָט ער דערזען, ווי די קינדער שפּילן זיך אין גאָרטן.

— וואָס טוט איר דאָ? — האָט ער אויף זיי אַ געשריי געטאָן מיט זיין גראָב קול, אַז די קינדער זיינען זיך פאַר שרעק צעלאָפן. — איך וועל דאָ קיינעם נישט דערלויבן זיך צו שפּילן.

און ער האָט אויסגעבויט אַ הויכע וואַנט אַרום דעם גאָרטן, און צוגעקלאַפּט אַ שילד:

„אַ ר י י נ ג י י ן  אַ ה ע ר  א י ז  פ אַ ר ב אָ ט ן“

ער איז געווען זייער אַ שלעכטער ריז.

די קינדער האָבן איצט שוין ניט געהאַט וואו זיך צו שפּילן. זיי האָבן געפּרובט שפּילן אויפן שליאַך, נאָר דער שליאַך איז געווען באַדעקט מיט שטויב און מיט האַרטע שטיינדלאַך, און דאָרט איז געווען נישט גוט זיך צו שפּילן. פלעגן זיי ארומגיין

אַרום דער הויכער וואַנט און ריידן וועגן דעם שיינעם גאָרטן און וועגן דעם, וואָס דאָרט איז פֿאַראַן אינעווייניק.

נאָכדעם איז געקומען דער פֿרי־יאָר, און אין גאַנצן לאַנד האָט אָנגעהויבן צו בליען, און עס האָט זיך באַוויזן קליינע פֿייגעלאַך. נאָר אינם גאָרטן פֿונם שלעכטן ריז איז נאָך אַלץ געווען ווינטער. די פֿייגעלאַך האָבן נישט געוואָלט זינגען אין דעם גאָרטן, ווייל דאָרט זיינען נישט געווען קיין קינדער, און דיביימער האָבן פֿאַרגעסן צו בליען.

איינמאָל האָט אַ בלום אַרויסגערוקט דאָס קעפּל פֿון גראָז. נאָר ווען זי האָט דערזען די שילד, האָט זי אַזוי רחמנות באַ־קומען אויף די קינדער, אַז זי האָט זיך צוריק באַהאַלטן אין דער ערד, און זיך געלייגט שלאָפֿן.

די איינציקע, וואָס זיינען געווען צופֿרידן, זיינען געווען דער שניי און דער פֿראָסט.

דער פֿרי־יאָר האָט פֿאַרגעסן דעם דאָזיקן גאָרטן, — האָבן זיי געזאָגט, — און מיר ווילן דאָ וואוינען אַ גאַנצן יאָר.

דער שניי האָט איבערגעדעקט דאָס גראָז מיט זיין גרויסן ווייסן מאַנטל, און דער פֿראָסט האָט אָפּגעפֿאַרבט אַלע ביימער אויף זילבער. נאָכדעם האָבן זיי געבעטן דעם צפֿון־ווינט, אַז ער זאָל זיך באַזעצן מיט זיי. און דער צפֿון־ווינט איז געקומען. ער איז געווען איינגעוויקלט אין פֿעלץ, און אַ גאַנצן טאָג האָט ער געברומט אין גאָרטן און אַראָפּגעוואָרפֿן דעם קוימען.

— דאָס איז זייער אַ פֿיין אָרט, — האָט ער געזאָגט: — מיר דאַרפֿן בעטן דעם האָגל, ער זאָל אויך קומען אַהער.

און דער האָגל איז געקומען. יעדן טאָג פֿלעגט ער דריי שעה טאַנצן אויפֿן דאַך פֿונם שלאָס, ביז ער האָט צעבראָכן

דעם דאַך און נאָכדעם איז ער אַרומגעלאָפן איבערן גאַנצן גאָרטן אַזוי גיך, ווי ער האָט נאָר געקאָנט. ער איז געוואָרן אָנגעטאָן אין גרויען און זיין אָטעם איז געווען, ווי אייז.

— איך קאָן ניט פאַרשטיין, פאַרוואָס דער פרי־יאָר האָט זיך אַזוי פאַרשפעטיקט, — האָט געזאָגט דער שלעכטער ריז, ווען ער האָט אַרויסגעקוקט פון פענסטער און געזען דעם קאַלטן ווייסן גאָרטן; — איך האָף, אַז דער וועטער וועט זיך בייטן.

נאָר דער פרי־יאָר איז נישט געקומען, און דער זומער איז אויך נישט געקומען. דער שפעט־יאָר האָט געבראַכט מיט זיך גאָלדענע פרוכטן פאַר יעדן גאָרטן, נאָר פאַרן ריזים גאָרטן האָט ער גאָרניט געבראַכט.

און אינם ריזים גאָרטן איז געווען כסדר ווינטער, און דער צפון־ווינט, און דער האָגל, און דער פראָסט, און דער שניי האָבן דאָרט אַרומגעטאַנצט צווישן די ביימער.

איינמאָל האָט זיך דער ריז אויפגעכאַפּט אינדערפרי און דערהערט אַ האַרציק געזאַנג, עס האָט געקלונגען אַזוי זיס אין זיינע אויערן, אַז ער האָט געמיינט, אַז דאָס מוזן זיין די די בעסטע זינגערס. אינדעראמתן איז עס געווען נאָר אַ קליין פייגעלע, וואָס האָט געזונגען ביי זיין פענסטער. נאָר דער ריז האָט שוין אַזוי לאַנג ניט געהערט קיין געזאַנג אין זיין גאָרטן, אַז אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס איז די שענסטע מוזיק אין דער וועלט.

נאָכדעם האָט דער האָגל אויפגעהערט צו טאַנצן איבער זיין קאָפּ, און דער צפון־ווינט האָט אויפגעהערט צו ברומען, און דער ריז האָט דערפילט אַ געשמאַקן ריח, וואָס איז געקומען פון דרויסן.

— דאַכט זיך, אַז דער פרי־יאָר איז סוף כל סוף פאַרט געקומען — האָט דער ריז געזאָגט, און ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון זיין בעט און אַרויסגעקוקט אין גאָרטן אַריין.

וואָס האָט ער דערזען?

ער האָט דערזען אַ וואונדערלאַך בילד. די קינדער זיינען אַריינגעקראָכן דורך אַ לאָך אין וואַנט, און זיי זיינען איצט געזעסן אויף די צווייגן פון דיביימער אויף יעדן בוים איז געזעסן אַ קליין קינד. און די ביימער זיינען געווען אַזוי צופרידן, אַז זיי האָבן זיך באַדעקט מיט בליאונג און שטיל געשאָקלט מיט זייערע אָרעמס איבער די קעפּעלעך פון די קינדער. די פייגעלאַך זיינען אַרומגעפלויגן און האָבן געצווישטשערט מיט שמחה, און די בלומען האָבן אַרויסגעקוקט צווישן די גרינע גראָזן און פריי־לאַך געלאַכט.

נאָר אין איין ווינקל פונם גאָרטן איז נאָך אַלץ געווען ווינ־טער. דאָס איז געווען דער ווייטסטער ווינקל פונם גאָרטן און דאָרט איז געשטאַנען אַ קליין אינגעלע. ער איז געווען אַזוי קליין, אַז ער האָט נישט געקאָנט דערגרייכן צו די צווייגן, און איז אַרומגעגאַנגען אַרום און אַרום דעם בוים און ביטער גע־וויינט. דער אָרימער בוים איז נאָך אַלץ געווען באַדעקט מיט פראָסט און שניי. און דער צפון־ווינט האָט איבער אים געבלאָזן און געברומט.

— קריך אַרויף יינגעלע, — האָט געזאָגט דער בוים, און אַרונטערגעבויגן די צווייגן ווי ווייט ער האָט נאָר געקאָנט; נאָר דאָס יינגעלע איז געווען צו קליין.

דעם ריז׳ס האַרץ איז זיך צעגאַנגען, ווען ער האָט געזען, וואָס עס טוט זיך אינם גאָרטן.

— ווי שלעכט איך בין געווען, — האָט ער געזאָגט, — איצט ווייס איך שוין, פאַרוואָס דער פרי־יאָר איז אַהער נישט געקומען. איך וועל אַרויפזעצן דאָס אָרימע יינגעלע אויפן בוים און נאָכדעם וועל איך צעוואַרפן די וואַנט, און די קינדער וועלן זיך שוין תמיד שפּילן אין מיין גאָרטן.

ער האָט באמת זייער חרטה געהאַט, פאַרוואָס ער איז פריער געווען אַזוי שלעכט.

דער ריז איז אַראָפּ פון די טרעפּ, האָט שטיל אויפגעעפנט די טיר און איז אַרויסגעגאַנגען אין גאָרטן. נאָר ווען די קינדער האָבן אים דערזען, האָבן זיי זיך זייער דערשראָקן און זיינען אַלע אַנטלאָפן. און אינם גאָרטן איז ווידער געוואָרן ווינטער. נאָר דאָס קליינע יינגעלע איז ניט אַנטלאָפן, ווייל זיינע אויגן זיינען געווען פול מיט טרערן, און ער האָט נישט געזען דעם ריז. דער ריז האָט זיך צו אים אונטערגעגנבעט פון הינטן, האָט אים פאַרזיכטיק גענומען אין האַנט און אַרויפגעזעצט אויפן בוים. און דער בוים האָט תיכף אָנגעהויבן בליען און די פייגעלאַך זיינען געקומען מיט געזאַנג. און דאָס יינגעלע האָט אויסגעשטרעקט זיינע אָרעמס און אַרומגענומען דעם ריז'ס האַלז און אים אַ קוש געטאָן. און ווען אַנדערע קינדער האָבן דערזען, אַז דער ריז איז שוין מער נישט קיין שלעכטער, זיינען זיי צוריק געקומען אין גאָרטן אַריין, און צוזאַמען מיט זיי איז געקומען דער פרי־יאָר.

— דאָס איז איצט אייער גאָרטן, קינדערלאַך, — האָט געזאָגט דער ריז, — און ער האָט גענומען אַ גרויסע האַק און צעוואַרפן די וואַנט. און ווען מענשן זיינען נאָכדעם פאַרבייגעגאַנגען, האָבן זיי געזען, ווי דער ריז האָט זיך געשפּילט מיט

די קליינע קינדער אינם שענסטן גאָרטן, וואָס זיי האָבן ווען עס איז געזען.

און יעדן נאָכמיטאָג, ווען די קינדער זיינען געגאַנגען פון שול, פלעגן זיי קומען און זיך שפּילן מיטן ריז.

יאָרן זיינען אַוועק און דער ריז איז געוואָרן אַלט און שוואַך. ער האָט שוין מער ניט געקאָנט שפּילן. איז ער געזעסן אין אַ גרויסן פאָטער־שטול און האָט געקוקט, ווי די קינדער שפּילן זיך, און האָט נחת געהאַט פון זיין גאָרטן.

— איך האָב אַ סך שיינע בלומען — האָט ער געזאָגט, — אָבער די קינדער זיינען די שענסטע בלומען.



# אַ באַרן־בוים.

אַן אַלטער פויער איז אַמאָל געזעסן אונטער אַ באַרן־בוים נעבן זיין הויז, און אַרום אים זיינען געשטאַנען זיינע אייניקלאַך; זיי האָבן געגעסן די געשמאַקע באַרן און זיי זייער געלויבט.

מיטאַמאָל האָט דער זיידע זיך געווענדט צו זיינע אייניקלאַך מיט אַ פראַגע:

— ווילט איר, קינדערלאַך, איך זאָל אייך דערציילן, ווי אַזוי אָט דער בוים איז דאָ אויסגעוואַקסן?

—דערצייל, זיידינקע, דערצייל, — האָבן די אייניקלאַך אַלע מיטאַמאָל גענומען שרייען.

דער זיידע האָט זיי דאַן דערציילט:

— מיט אַ יאָר פופציק צוריק בין איך איינמאָל געשטאַנען אויף דעמזעלביקן אָרט, וואו עס שטייט איצט דער באַרן־בוים, און האָב זיך באַקלאָגט פאַר מיינעם אַ שכן אויף מיין אָרימקייט. „איך וואָלט געוואָלט האָבן כאָטש עטלאַכע צענדליק דאָלאַר" — האָב איך געענדיקט אויסגיסן מיין ביטער הארץ. מיין שכן האָט מיך אויסגעהערט און האָט צו מיר מיט אַ שמייכל געזאָגט: „אויף דעמזעלביקן אָרט, וואו דו שטייסט, איז אין דער ערד באַגראָבן געלט אַ סך מער, וויפיל דו ווינשט זיך. מען דאַרף עס נאָר אַרויסבאַקומען פון דאָרטן". איך בין נאָך געווען יונג און נאַריש, און האָב דאַריבער געמיינט, אַז אין דער ערד ליגט באַהאַלטן אַן אוצר. אין דער ערשטער נאַכט נאָך אָט דעם שמועס האָב איך זיך גענומען גראָבן די ערד אויף יענעם אָרט. איך האָב געגראָבן און געגראָבן, נאָר איך האָב דאָרט ניט געפונען אפילו קיין איין פרוטה.



ווי דער בוים איז אויסגעוואַקסן

אויף מאָרגן, אַז מיין שכן האָט דערזען די גרוב, וואָס איך האָב אויסגעגראָבן, האָט ער זיך אויסגעלאַכט פון מיר. „איך האָב גאָרניט געקלערט, אַז דו ביסט אַזאַ נאַר, — אַז דו וועסט זוכן אוצרות אין דער ערד", האָט צו מיר געזאָגט מיין שכן: „נאָר אַז דו האָסט שוין יאָ אויסגעגראָבן אַ גרוב, טאָ פאַרפלאַנץ שוין דאָרט אַ בוימל, — וועט דיין אַרבעט כאָטש נישט זיין אומזיסט". ער האָט מיר געשאָנקען אַ יונגן באַרן-בוימל, וואָס איך האָב אים אָט דאָ פאַרפלאַנצט. איצט זעט איר, וואָס פאַר אַ שענער בוים עס איז פון אים אַרויסגעוואַקסן. אין משך פון די פופציק יאָר האָב איך שוין אַרויסגענומען פון דעם בוים פיל מער פון די עטלאַכע צענדליק דאָלאַר, וואָס איך האָב זיך דאַן געוואונשן צו האָבן. דער בוים איז נאָך גענוג שטאַרק, און אויף אים וועלן נאָך ניט איין יאָר וואַקסן זיסע פרות.



# איבער אַ האָר.

אַ פייגעלע האָט באַמערקט אַ שפּעלטעלע אין איר נעסט. האָט זי מורא געהאַט, איר נעסט זאָל ניט צעפאַלן ווערן, און איז אַוועק צום פערד בעטן בא אים אַ האָר צו פאַרפעסטיקן איר צעבראָכן הייזל. זאָגט צו איר דער פערד: „גיי, בעט דעם פויער, ער זאָל מיר געבן האָבער צום עסן, וועל איך דיר געבן אַ האָר צו פאַרריכטן דיין נעסט".

איז זי אַוועק צום פויער און געבעטן בא אים האָבער פאַרן פערד. זאָגט צו איר דער פויער: „גיי, זאָג דעם שמיד, ער זאָל מיר געבן אַ סערפּ אָפּצושניידן די האָבער, וועל איך געבן דע־מאָלט עסן דעם פערד".

איז די פייגעלע אַוועקגעפלויגן צום שמיד און געבעטן בא אים אַ סערפּ; זאָגט ער צו איר: „גיי, זאָג דעם קוילנברענער, ער זאָל מיר געבן קוילן אין קוזניע אריין, וועל איך מאַכן פאַרן פויער אַ סערפּ".

איז זי געקומען צו פליען צום קוילנברענער און געבעטן בא אים קוילן; האָט ער איר געענטפערט: „גיי פריער אַוועק צום וואַלד און בעט, ער זאָל מיר געבן האָלץ צו פאַרברענען, וועל איך געבן קוילן דעם שמיד".

איז זי געקומען צום וואַלד און געבעטן בא אים האָלץ. זאָגט ער צו איר: „גיי, היים די וואָלקנס, זיי זאָלן מיר געבן רעגן צום וואַקסן, וועל איך שוין געבן דעם קוילנברענער האָלץ".

איז זי געפלויגן צו די וואָלקנס און געבעטן בא זיי רעגן. האָבן זיי איר געענטפערט: „גיי, היים דעם ווינט, ער זאָל אונז

אוועקטראָגן צום וואַלד, וועלן מיר אים שוין געבן רעגן צום וואַקסן".

האָט די פייגעלע זיך געווענדט צום ווינט און געבעטן, ער זאָל ברענגען די וואָלקנס צום וואַלד. ענטפערט ער איר: „בעט דעם אויבערשטן, ער זאָל מיך שיקן אַהין, וועל איך שוין ערפילן זיין באַפעל".

האָט זיך די קליינע פייגעלע געשטעלט און אויסגעפּישטשעט אַ וואַרימע תפילה צום אויבערשטן.

האָט דער אויבערשטער דערהערט איר געבעט און געהייסן דעם ווינט טראָגן די וואָלקנס צום וואַלד; האָבן די וואָלקנס אויסגעגאָסן אַ רעגן איבערן וואַלד; האָט דער וואַלד געוואַקסן און געגעבן האָלץ דעם קוילנברענער; האָט דער קוילנברענער געגעבן קוילן דעם שמיד; דער שמיד האָט געמאַכט אַ סערפּ פאַרן פּויער; האָט דער פּויער זיין תבואה אָפּגעשניטן און גע־געבן האָבער דעם פערד; האָט דער פערד געגעבן דעם פייגעלע אַ לאַנגן שטאַרקן האָר פון זיין גריווע.

האָט די פייגעלע גענומען דעם האָר און פאַרריכט איר נעסטעלע, האָט אויסגעלייגט אייעלאַך און אויסגעבריט פייגע־לאַך, קליינטשינקע פייגעלאַך, וואָס האָבן געפּישטשעט אַ לויב דעם אויבערשטן, דעם פירער פון דער וועלט.



# דער לייב און דער מענטש.

אין דער שטאָט רוים איז אַמאָל אַ האַר זיך שלעכט באַ־גאַנגען מיט זיין קנעכט. דער קנעכט איז אַנטלאָפן געוואָרן אין אַ יאָר אַרום האָט מען דעם קנעכט געפאַנגען און פאַרן אַנטלויפן האָט מען אים פאַרמשפּט אריינצואוואַרפן צו ווילדע חיות, זיי זאָלן אים אויפפרעסן. צו קוקן אויפן קנעכטס שטראָף האָט זיך צו־נויפגעקליבן אַ גרויסער עולם. פון שטייג האָט מען אַרויסגעלאָזן אַ גרויסן לייב. מען האָט אים געלאָזן הונגערן גאַנצע דריי מעת־לעת. מיט אַ שרעקלאַכן כעס האָט זיך די הונגעריקע חיה אַ וואָרף געטאָן אויפן פאַרמשפּטן — און האָט גענומען ברומען; פון זיין ברומען האָבן די ווענט פון דער געביידע גענומען ציטערן. נאָר פלוצים האָט זיך דער לייב אָפּגעשטעלט, האָט גענומען ציען אין זיך דעם אָטעם, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט ארומשמעקן דעם קנעכט און האָט גענומען שלאָגן זיך אליין מיטן עק און שפּרינגען ארום דעם פאַרמשפּטן. אַלע זיינען אָפּגעשטאַרבן, אַלע האָבן געוואַרט, אַז אָט אָט וועט די צעבייזערטע חיה מיט איין קלאַפּ פון איר לאַפּע אַנידערוואַרפן דעם פאַרמשפּטן אויף דער ערד און אים פאַרצוקן. נאָר ווי גרויס איז געווען אַלעמענס וואונדער, ווען זיי האָבן דערזען, אַז דער לייב האָט גענומען לעקן די האַנט באַם מענטשן, ווי אַ הונט לעקט די האַנט בא זיין בעל־הבית. דער פאַרמשפּטער האָט פון אָנהויב גאָרנישט פאַר־שטאַנען: ער איז געווען אין טויט־שרעק. נאָר ווען דער לייב האָט זיך אַלץ נאָך געטוליעט צו אים, האָט ער דערנאָך אָנגעהויבן צו גלעטן דעם קייזער פון דער וויסטעניש. דער פאַרוואונדערטער עולם האָט אָנגעהויבן שרייען: „זאָל מען דעם מענטשן מוחל

זיין דעם חטא!״ מע האָט דעם מענטשן גענומען אויספרעגן, און ער האָט דערציילט אַזאַ געשיכטע:

„ווען איך בין אַנטלאָפן פון מיין בעל־הבית, איז מיר אויס־געקומען צו גיין דורך אַ וויסטעניש. דער הייסער זאַמד האָט מיר געברענט די פיס, די זון האָט מיך געבראָטן אָן רחמנות, און אַרום איז ניט געווען ניט קיין וואַסער, ניט קיין בוימל, ניט קיין גרעזל. אומעטום איז געווען נאָר זאַמד און שטיינער. איך בין שרעקלאַך מיד געוואָרן. לסוף האָב איך דערזען אַ הייל און בין אריין אַהין און בין גלייך איינגעשלאָפן. איך האָב זיך אויפ־געכאַפּט פון אַ שרעקלאַכן ברומען: דאָס האָט געברומט אַ לייב; זיין לאַפּע איז געווען פאַרבלוטיקט. ער איז צוגעגאַנגען צו מיר; איך בין אָפּגעשטאָרבן פון שרעק. נאָר דער לייב האָט אויפגע־הויבן זיין פאַרבלוטיקטע לאַפּע און האָט זי אויסגעצויגן צו מיר, אַזוי ווי ער וואָלט בא מיר געבעטן הילף. איך האָב דערזען בא אים אין לאַפּע אַ שטיק האָלץ און האָב עס אַרויסגענומען; דער־נאָך האָב איך אָפּגעריסן אַ שטיק לייוונט פון מיין העמד און האָב אַרומגעבונדן די וואונד. דער לייב האָט אַרויפגעלעגט זיין קאָפּ אויף מיין האַנט און איז אַנטשלאָפן געוואָרן.

פון דאַן אָן האָבן מיר געוואוינט צוזאַמען. דער לייב פלעגט ברענגען פלייש, איך פלעג עס בראָטן אויפן זון און עסן. אַז איך פלעג אַוועקגיין פון הייל, פלעגט דער לייב בענקען נאָך מיר און פלעגט מיר אויפזוכן. נאָר איך האָב זיך פאַרבענקט נאָך מענטשן און בין אַוועק פון דעם לייב. מיך האָט מען געכאַפּט און פאַרמשפּט צום טויט. דעם לייב האָט מען, משמעות, דערווייל אויך געפאַנגען, און אָט איצט האָבן מיר זיך דעם ערשטן מאָל ווידער באַגעגנט נאָך אונזער צעשיידונג און האָבן איינער דעם אַנדערן דערקענט״.

## ווער איז שטאַרקער פון אַלעמען ?

אין איין שענעם טאָג האָט אַ מייזל זיך אריינגעגנבעט פון איר לאָך אין שטוב אריין. האָט זי דערזען אין ווינקל שטוב אַ זאַק פול מיט ווייץ און איז צוגעגאַנגען און צעהאַקט אים מיט אירע שאַרפע ציינער און זיך אָנגעגעסן צו זאַט מיטן ווייץ. אָפּגעטאָן איר אַרבעט, איז די מייזל גרוים געוואָרן בא זיך אין די אויגן: „ווער קאָן זיך צו מיר גלייכן ?“ האָט זי געזאָגט: — „אמת, די מענטשן זיינען טאַקע קלוגינקע, אָבער איך, די מויז, בין טויזנט מאָל קליגער פאַר זיי! וואָס האָט זיי געהאָלפן, וואָס זיי האָבן דעם ווייץ אין אַ זאַק אריינגעשאָטן און פאַרבונדן? אָט איך, קליינע באַשעפעניש, האָב זיי געמאַכט צו נאַרן, — איך האָב צעלעכערט דעם זאַק, זיך אָנגעגעסן צו זאַט מיט ווייץ און נאָך אויסגעשאָטן אַ גאַנצע קופּע פאַר מיינע ברידער און שוועסטער“.

די מייזל האָט נאָך ניט געענדיקט איר פּזמון, ווי די קאַץ האָט אַ שפּרונג געטאָן, אַ כאַפּ געטאָן זי און צעריסן אויף טויט.

טראַכט זיך די קאַץ אין הארצן: „ווער איז שטאַרקער און פלינקער פון מיר ? די מייזל היט זיך, דאַכט זיך, און לויפט זייער גיך, און דאָך פאַלט זי אריין צו מיר אין די לאַפּעס! איך גיי דאָך אָן שווערד און שפּיז, אָן נעץ און ווענטקע... נאָר איין שפּרונג — און גאָר: זי איז שוין אין מיינע לאַפּעס“. איז די קאַץ בא זיך שטאָלץ געוואָרן גאָר אַ גרויל, און גייענדיק דערנאָך פאַר־ביי דעם הונט, האָט זי געלאַכט פון אים אפילו זיך פאַרמאָסטן מיט דער לאַפּע דעם הונט אַ דראַפּע צו טאָן. איז דער הונט בייז געוואָרן און צעביסן די קאַץ ביז בלוט.

אַ צופרידענער מיט זיין כח, איז דער הונט אַוועקגעלאָפן אין פעלד צו זיין בעל־הבית. דאָרטן האָט ער דערזען זיין בעל־הבית׳ס פערד, ווי ער שטייט און עסט גראָז. האָט אים דער הונט דערציילט, וואָס ער האָט אָפגעטאָן מיט דער קאַץ און מיט גאוה געענדיקט: „אָט אַזאַ פסק וועסטו אויך האָבן פון מיר, אויב דו וועסט מיר דערבייזערן. אמת, דו ביסט טאַקע גרעסער פון מיר, אָבער איך האָב ציינער שאַרפע און שטאַרקע, ווי אייזן, היט זיך, היט דיין פעל!"...

דער הונט האָט נאָך ניט באַוויזן די לעצטע ווערטער צו ענדיקן, ווי דער פערד האָט אים אַ בריק געטאָן מיט זיין שטאַרקער קאָפּיטע און צעשפּאָלטן די קאָפּ. דער הונט איז געבליבן אַ טויטער אויף דער ערד. אַז דער פערד האָט דער׳זען דעם טויטן הונט, איז ער געוואָרן באַ זיך האָפערדיק און געזאָגט: „נאָר איך בין שטאַרק! ס׳איז גאָר ניטאָ מיין גלייכן צווישן די חיות! וואָס טויגן שאַרפע ציינער און שטעכעדיקע נעגל? מיט מיין קאָפּיטע, וואָס איז האַרטער פון אַ פעלז, צעברעך איך ביינער און קעפּ".

ער האָט נאָך געהאַלטן אין רעדן, איז אים פּלוצים באַפאַלן אַ שרעקלאַכער לייב פון וואַלד, האָט אים צעריסן און אויפגעפרעסן.

נאָך דער סעודה זאָגט דער לייב מיט גאוה: „איך בין דער קיסר איבער אַלע חיות פון גאָר דער וועלט! פאַר מיין געשריי ציטערט יעדע לעבעדיקע באַשעפעניש! און אַלע דערמאָנען מיין נאָמען מיט מורא און ציטערניש!"

ווי דער לייב האָט דאָס נאָר אויסגערעדט, האָט זיך באַוויזן פון וואַלד אַ יעגער מ׳ט אַן אָנגעלאָדענעם ביקס אין האַנט. ער

האָט זיך צוגעצילט אין לייב אריין און אויסגעשאָסן. ס'האָט זיך דערהערט אַ קנאַק פונ'ם ביקס און אַ ברום פונם לייב: די קויל האָט אים אין קאָפּ געטראָפן. נאָר איין שפּרונג האָט דער פאַר־וואונדטער לייב נאָך באַוויזן צו מאַכן און איז געפאַלן טויט אויף דער ערד.

דער יעגער איז צוגעגאַנגען נאָנט צום טויטן לייב, האָט באַ־קוקט זיינע שטאַרקע פיס, זיינע שרעקלאַכע ציינער, זיין האַלדז, וואָס איז אָפן ברייט, אַזוי ווי דער קבר, זיין גריווע, וואָס באַדעקט אַ האַלבן לייב. מיט שטאָלץ האָט דער יעגער אויסגעשריען: „איז דען דאָ אויף דער וועלט עמיצער שטאַרקער פונ'ם מענטשן, וואָס הערשט איבער אַלץ? כאָטש ער האָט ניט קיין שאַרפע ציינער און נעגל, קיין שרעקלאַכע קויל פון א לייב, קיין שטאַרקע און פלינקע פיס, פונדעסטוועגן...

אין דער רגע האָט זיך אַ בליץ באַוויזן אין די וואָלקנס, און ס'האָט זיך דערהערט אַ שרעקלאַכער דונער, און דער יעגער איז אַ טויטער אַנידערגעפאַלן נעבן דעם גע'הרג'עטן לייב.



# דאָס ביסעלע בוימל

פיל טעג, פיל וואָכן און חדשים זיינען פאַרגאַנגען זינט עס האָט זיך געענדיקט די גרויסע שרעקלאַכע מלחמה, און אויף דעם הויכן טורעם פון מצודת־דוד האָט זיך אויפגעהויבן און געבליבן שטיין הויך און שטאָלץ אין דער לופט די פאָן פון אנטיוכוס מלך.

קיין איינציקער מזבח האָט זיך נישט גערויכערט, קיין איינציקער קרבן איז נישט געבראַכט געוואָרן אין דער גאַנצער צייט. פאַרשטערט זיינען געוואָרן די שבתים און די ימים־טובים; די כהנים האָבן אויסגעטאָן זייערע הייליקע קליידער, די לויים האָבן פאַרלאָזן זייערע כלי־זמר, זייער הייליקן דינסט אין גאָטס הויז; אָנגעטון אין זעק און באַשאָטן די קעפּ מיט אַש זיינען געלעגן יונג און אַלט אויף די קברים פון די נביאים, לעבן די צעבראָכענע מזבחות, געבראָכן די הענט געוויינט און געשריען צו דעם בורא עולם...

נאָר אומזיסט איז געווען זייער געבעט. אומזיסט האָבן זיך געגאָסן זייערע טרערן... ווי אַ סטאַיע היישעריקן, וואָס באַ־דעקט אַ פעלד, זיינען געגאַנגען די חיילות פון אנטיוכוס איבער דעם לאַנד, פון שטאָט צו שטאָט, אויף יעדן מאַרק, אויף יעדער גאַס האָבן זיי געבויט מזבחות און מיט שווערט אין דער האַנט, מיט אייזן און מיט פייער געטריבן דאָס פאָלק מקריב צו זיין קרבנות צו זייערע שטיינערנע און הילצערנע אָפּגעטער...

און דאָס פאָלק, דאָס דערשראָקענע און פאַרמוטשעטע פאָלק, איז געגאַנגען, געלאָפן צו די מזבחות, געקניט און גע־

בוקט זיך צו די אָפּגעטער... אויף יעדער גאַס, לעבן יעדן הויז, האָט געפלאַקערט אַ מזבח... די ספרי־תורות האָט מען געריסן אויף שטיקער און געוואָרפן אויף די מזבחות, אויף וועלכע עס האָבן זיך געסמאַליעט און געבראָטן חזירים און אַנדערע טמאדיקע חיות...

יעדן חודש פלעגן אָנקומען די חיילות פון אנטיוכוס, און דעם, ווער עס האָט נישט געוואָלט טאָן זייער באַפעל, האָבן זיי געטויט... די מוטערס, וועלכע פלעגן זיך דערוועגן מל צו זיין זייערע קינדער, האָט אַנטיוכוס באַפעלט טויט צו שלאָגן: פאַר זייערע אויגן פלעגט מען אויפהענגען זייערע אומשולדיקע קינדערלאַך, שטעכן און שניידן זיי אויף שטיקלאַך...

פיל אידישע פרויען זיינען געפאַלן פון דעם שווערט פון אנטיוכוס; פיל נפשות, אַלטע און יונגע, האָבן ליבער דעם טויט גענאָסן, איידער צו פאָלגן דעם רשע, אום צו בלייבן געטריי דעם איינציקן, גרויסן גאָט און זיין הייליקער תורה...

ב.

באַגאָסן מיט דעם שיין פון דער ליכטיקער און וואַרימער זון און אַרומגערינגלט מיט פאַלמען און איילבערט־ביימער, שטייט אויף דעם באַרג מודעית דאָס קליינע שטילע שטעטעלע, וואו עס וואונט זומער־צייט דער כהן־גדול מתתיהו מיט זיינע פינף זין: יוחנן, שמעון, יהודה, אליעזר און יהונתן. שטיל און רואיק איז געווען אין דעם קליינעם שטעטעלע פיל יאָרן נאָכאַנאַנד, ביז עס איז געקומען דאָס גרויסע אומגליק אויף דאָס גאַנצע לאַנד און האָט פאַרכאַפּט אויך דאָס רואיקע, שטילע שטעטעלע.

ווען דער שטורם רייסט אַרוים מיט די וואָרצלען די גרויסע, שטאַרקע הונדערט-יעריקע צעדערן — קען דען בלייבן שטיין דאָס קליינינקע, שוואַכינקע קאַרשן-ביימעלע? אַ גאַנצע מחנה יונים (גריכן) מיט זייער קאָמאַנדיר האָבן פאַרנומען אַלע גאַסן. אינמיטן שטעטל, אויפן מאַרק, שטייט אַ מזבח אָנגעגרייט צו ברענגען אַ קרבן די גריכישע אָפּגעטער.

— „גייט! גייט! — שרייט דער שר פון די יונים: קניט, בוקט זיך צו אונזערע געטער, צו די געטער, פאַר וועלכע עס קניט אויך מיין גרויסער, שטאַרקער קעניג אַנטיוכוס! וואַרפט אַוועק אייער גאָט, וועלכער האָט אייך פאַרלאָזן און איבערגעגעבן אין אונזערע הענט, וואַרפט אַוועק אייער תורה, דורך וועלכער איר האָט איבערגעטראָגן אַזוי פיל צרות, שלעק און שמערצן... אייער בית-המקדש איז פוסט, אייערע פּאַלאַצן פאַרוויסט, אייערע אוצרות באַרויבט, טויזנטער און צענטויזנטער נפשות זיינען געפאַלן פון אונזער שווערט: דאָס גאַנצע לאַנד איז געוואָרן ווי איין גרויסער בית-עלמין באַדעקט מיט קברים און וואָס אַ טאָג פאַלן אַלץ נייע און נייע נפשות, פאַרגייען פון הונגער, פון נויט און שמערצן... און אין דעם נאָמען פון מיין קעניג, דעם גרויסן, שטאַרקן אַנטיוכוס, וועלכע עס זיינען אונטערטעניק צענדליקע פעלקער, און פאַר וועלכן עס ציטערט די גאַנצע וועלט — אין זיין נאָמען זאָג איך אייך“...

ג.

אין דער מינוט האָט זיך דאָס פאָלק צעטיילט אויף ביידע זייטן, דורכלאָזנדיק צום שר אַן אַלטן גרויען מאַן...

— „דער כהן... דער כהן גדול גייט“... האָט זיך דערהערט פון אַלע זייטן... אָנגעטאָן אין בגדי שרת, אין די הייליקע קליי-

דער, מיט דעם חושן ואיפוד אויף דער ברוסט, מיט דעם מצנפת און דעם ציץ אויפן קאָפּ, איז צוגעגאַנגען צו דעם שר דער אַלטער גרויער מתתיהו.

זיינע לאַנגע, שניי־ווייסע האָר און זיין גרויע באָרד האָבן געגלאַנצט אין דעם שיין פון דער זון; זיינע באַקן זיינען געווען בלאַס און דער גאַנצער קערפּער האָט אויסגעזען מיד און אָפּגעשלאָפט, נאָר אין די אויגן האָט געגליט אַ הייסער פייער פון פאַרבאָרגענעם צאָרן און איבער זיינע בלייכע ליפּן איז צייטנווייז איבערגעלאָפן אַ ציטערניש, ווי ביי אַ מענשן, וועלכן עס כאַפּט דורך די קעלט אין אַ גרויסן פראָסט...

— „מתתיהו!" — האָט זיך געווענדעט דער שר צו דעם אַלטן כהן — דיין קאָפּ איז באַדעקט מיט גרויע האָר און מיט דעם הייליקן מצנפת, און אויף דער ברוסט ליגט די הייליקע גייסטלאַכע צירונג; הער־זשע אוים מיינע רייד; צו דיר, צו דיין פאַרשטאַנד ווענד איך מיך איצט מיט מיינע ווערטער:

„האָב רחמנות אויף זיך, אויף דיין הויזגעזינט און אויף דיין פאָלק, וועלכעס וועט דיך פאָלגן און טוט אַלץ, וואָס דו וועסט באַפעלן. דער גרויסער שטאַרקער קעניג אנטיוכוס מלך יון רעדט צו דיר מיט מיינע לעפצן: גיי צו צו דעם מזבח און ברענג דעם קרבן, וועלכער...

— „ניין! — האָט אַ געשריי געטאָן דער אַלטער מתתיהו.
— ניין! איך וועל נישט צוטרעטן צו דיין מזבח, איך וועל נישט קניען פאַר דיינע שטיינערנע, שטומע און טויטע אָפּגעטער! איין גאָט איז דאָ אויף דער וועלט, איינאיינציקער, דער גרויסער, שטאַרקער גאָט, וועלכער האָט באַפרייט מיין פאָלק פון קנעכטשאַפט, באַהיט און באַשיצט פון טויזנטער אומגליקן! צו אים,

צו דעם איינאיינציקן, גרויסן, שטאַרקן, ליבן גאָט הייב איך אויף מיינע הענט... הימל און ערד, בערג און טאָלן! זייט מיינע עדות, הערט מיין גרויסע, מיין אייביקע שבועה: מיט מיין גאַנצן האַרצן, מיט מיין פאַרשטאַנד, מיט אַלע געפילן און גע־דאַנקען, מיט יעדן גליד, יעדער אָדער, ביז דעם לעצטן טראָפּן בלוט, ביז דעם לעצטן אויגנבליק וועל איך דינען דעם איינציקן גאָט, דעם גאָט פון מיינע עלטערן, צו אים וועל איך שטרעקן מיינע הענט, צו אים וועט זיך ציען מיין האַרץ, צו אים, צו זיין גרויסער אייביקער מאַכט און הערלאַכקייט וועט פליסן מיין געבעט, פאַר אים וועלן זיך גיסן מיינע טרערן!... און דו, מיין פיינט און דער פיינט פון מיין פאָלק, וואָס דו ביסט געקומען מיט אייזן און פייער אין אונזער לאַנד, האָסט צעשטערט אונזער הייליקטום, באַרויבט אונזערע הייזער, אַלט און יונג, פרוי און קינד געשאָכטן מיט דיין שווערט, איך שטיי פאַר דיינע אויגן שטאָלץ און קרעפטיק! איך וועל נישט צוטרעטן צו דיין אומ־ריינעם מזבח! איך וועל מיך נישט צורירן צו דיין קרבן, איך וועל מיך נישט בוקן צו דיינע געטער... איך פאַרהאַס דיך, דיין קראַפט און דיין צאָרן... איך...

— „שווייג!!" — האָט אויסגעשריען דער שר, כאַפּנדיק זיך צו זיין שווערט — שווייג! פאַר דיינע רייד וועט דיר באַ־צאָלט ווערן אינגיכן... נאָר שטיי, וואַרט אוים... אָט באַלד וועסטו זען, ווער פון אונז איז שטאַרקער... מיינע גבורים! ציט אַרויס אייערע שווערטן, רינגלט אַרום דאָס פאָלק פון אַלע זייטן... נו, און איר — האָט ער זיך געווענדעט צום פאָלק — איר, פאַר־שאָלטענע קנעכט! נעענטער, נעענטער צום מזבח! קניט, בוקט זיך! קושט די שטיינער, וועלכע ליגן דאָ פאַר אייך... נו!"...

הערנדיק די בייזע שרעקלאַכע ווערטער, דערשראָקן און

פאַרציטערט, איז צוגעגאַנגען איינער פון די איינוואוינער צו דעם מזבח... זיין קאָפּ האָט זיך איינגעבויגן און ציטערנדיק מיט אַלע אברים, איז ער געפאַלן אויף די קני...

— האַללא! — האָט אויסגעשריען דער שר מיט פרייד.

— האללא!! — האָבן געענטפערט הונדערט קולות פון דעם חייל...

ד.

נאָר אין דעם אויגנבליק האָט אויסגעבראָכן אַן אומדער־וואַרטעטער שרעקלאַכער צופאַל: מיט פלאַמענדיקע אויגן, פאַרציטערט פון צאָרן, איז אויפגעשפרונגען דער אַלטער גרויער מתתיהו... אין זיין דאַרער, אַלטער האַנט האָט אַ בלישטשע געטאָן אַ גרויסער, שאַרפער מעסער און אין איין מינוט זיינען געפאַלן צו זיינע פיס דער קניענדיקער ווידערשפּענסטיקער און דער שטאַרקער, שטאָלצער שר...

— „ברידער מיינע, קינדער!... — האָט אויפגעהויבן זיין קול מיט אַ גרוים געשריי דער אַלטער כהן־גדול: שטייט אויף, שטייט אויף, איר דערשראָקענע, דערשלאָגענע אומגליקלאַכע! צו מיר, צו מיר!“...

אימת מות איז געפאַלן אויף דעם חייל.. אַוועקוואַרפנדיק דאָס געווער, פאַרציטערט זעענדיק זייער שר אַ דערשלאָגענעם און דעם אַלטן מאַן מיט דעם מעסער אין דער האַנט, האָבן זיך אַ וואַרף געטאָן אַרוים פון שטעטל די שטאַרקע שרעקלאַכע גבורי חייל... ווי די האָזן, דערהערנדיק די שטימע פון יעגער, זיינען זיי זיך צעלאָפן אין אַלע זייטן, פאַרקראָכן אין די היילן, אונטער די פעלזן, אין די וועלדער און אין די טאָלן...

און דאָרט, אויף דעם באַרג מודעית האָט געשאַלט הילכיק און שרעקלאַך דער קול פון אַלטן גרויען מאַן.

— „שטייט אויף, שטייט אויף, מיינע ברידער, **מיינע** קינדער!

ווער איז צו גאָט — צו מיר! פאַראויס! פאַראויס!"...

ווי אַ דונער, וואָס וועקט אויף הונדערטער ווידערקלאַנגען פון באַרג און טאָלן איז געגאַנגען דער אויפרוף פון דעם אַלטן גרויען מאַן איבער די שטעט און דערפער, פון הויז צו הויז... איינער נאָך דעם אַנדערן זיינען אויפגעשטאַנען, אַלט און יונג, גרויס און קליין, שטאַרקע און גרויסע מחנות חייל האָבן זיך צונויפגעקליבן אַרום מתתיהו און זיינע פינף זין די גבורים... אויף טויזנט פונקטן האָט זיך פון דאָס ניי פאַרקאָכט די מלחמה... נישט אין איין טאָג, נישט צוויי האָט געדויערט, נאָר דער נצחון איז געגאַנגען טריט אויף שריט נאָך דעם אַלטן כהן און זיינע פינף זין און... פיל טעג זיינען נאָך פאַרגאַנגען, פיל בלוט איז נאָך פאַרגאָסן געוואָרן, ביז עס איז געקומען דער גרויסער, הייליקער גליקלאַכער טאָג כ"ה כסליו... די גאַנצע וועלט האָט געקלונגען מיט דעם נאָמען פון דעם גרויסן העלד, יהודה המכבי. זעקס שטאַרקע העלדן מיט זייערע חיילות זיינען געפאַלן פון זיין האַנט; פיל אַנדערע גבורים מיט זייערע חיילות זיינען צעשטערט געוואָרן פון די איבעריקע פיר זין פון מתתיהו — און גאַנצע הונדערט יאָר האָט דאָס לאַנד ישראל אָפּגעלעבט שטיל און רואיק, באַפרייט און באַשיצט פון שרעק און שמערצן...

---

## צוויי ברידער

אויף דעם אָרט, וואו דער בית-המקדש איז געשטאַנען, האָבן אַמאָל געוואוינט צוויי ברידער. דער עלטערער האָט ניט געהאַט קיין ווייב און ניט קיין קינדער; דער אינגערער האָט געהאַט אַ ווייב מיט עטלאַכע קליינע קינדער. זיי זיינען געווען אָרימע ערד-אַרבעטער, און חוץ זייער שטיקל ערד, אַ ירושה פון זייער פאָטער, האָבן זיי מער גאָרנישט געהאַט. די ברידער האָבן ניט געוואָלט צעטיילן צווישן זיך זייער ירושה, ווייל זיי האָבן זייער ליב געהאַט איינער דעם צווייטן. זיי פלעגן באַאַרבעטן די ערדביידע צוזאַמען און פלעגן זיך דערנאָך צעטיילן מיט די גאַרבן פונקט אויף דער העלפט, און אַוועקלייגן די קופעס יעדער נעבן זיין געצעלט.

אין איין נאַכט, נאָכן אָפשניידן די תבואה, איז דער עלטערער ברודער געלעגן אויף זיין געלעגער און ניט געקאָנט איינשלאָפן; ער האָט געקלערט וועגן זיין ברודער: „ער איז מיט אַ פרוי און קינדער, וואָס ער דאַרף מפרנס זיין און מאַכן אַ בגד און אַ שוך, אָבער איך בין מיר איין מענש אויף דער וועלט, וואָס דאַרף איך? — אָפּעסן, און גאָר! פאַר וועמען האָב איך צו זאָרגן? היינט ווי אַזוי זשע נעם איך דאָס פון דער תבואה אַזאַ חלק, ווי מיין ברודער? דאָס איז קיין יושר ניט". ער איז אויפגעשטאַנען אַרום האַלבע נאַכט פון זיין געלעגער און האָט איבערגעלעגט אין דער שטיל אַ טייל פון זיינע גאַרבן אין זיין ברודער'ס קופּע. אָפּגעטאָן זיין אַרבעט, האָט ער זיך געלייגט אויפן געלעגער און איז גלייך זיס איינגעשלאָפן.

אין דערזעלביקער נאַכט האָט אויך דער אינגערער ברודער ניט געקאָנט איינשלאָפן. ער איז געלעגן און געטראַכט וועגן

זיין עלטערן ברודער: „אַ רחמנות אויף אים — ער איז נעבאַך עלנד. איך האָב מיר אַ ווייב מיט קינדערלאַך, זאָלן לעבן און געזונט זיין; אויף דער עלטער וועלן זיי מיך אויסהאַלטן. אָבער וואָס וועט מיט אים זיין אויף דער עלטער? היינט ווי אַזוי זשע טיילן מיר דאָס די תבואה פון פעלד פונקט אויף דער העלפט? דאָס איז קיין יושר ניט. — ער דאַרף באַקומען אַ גרעסערן חלק". און נאָך גאַנץ פרי, פאַרטאָג, איז ער אויפגע־שטאַנען און שטילערהייט איבערגעלייגט אַ טייל פון זיינע גאַרבן אין ברודער'ס קופּע און האָט זיך צוריק געלייגט און איינגע־שלאָפן.

אויף מאָרגן זעען ביידע ברידער, אַז זייערע קופּעס זיינען ביידע גלייך, אַזוי פיל גאַרבן אין יעדער קופּע, ווי געווען. האָבן זיי זיך געוואונדערט, נאָר געשוויגן.

די אַנדערע נאַכט האָבן די ברידער ווידער געטאָן דאָס, וואָס זיי האָבן נעכטן געטאָן, און אויף מאָרגן אין דערפרי האָבן זיי דערזען, אַז זייערע קופּעס זיינען ווידער גלייך. האָבן זיי זיך נאָך מער געוואונדערט.

די דריטע נאַכט, ווען די ברידער האָבן געטראָגן זייערע גאַרבן איינער צום אַנדערן, האָבן זיי זיך באַגעגנט אין מיטן וועג. די ברידער האָבן מיט טרערן אין די אויגן גענומען קושן און האַלזן איינער דעם צווייטן.

האָט דער אויבערשטער דאָס דערזען און געבענשט דעם אָרט, וואו זיי האָבן זיך באַגעגנט. שפּעטער האָט שלמה המלך אויף דעם אָרט אויסגעבויט דעם בית־המקדש.



דאָס גרעסטע און וויכטיגסטע ווערק אין אידיש

י. ג. פאָגט'ס

# וועלטגעשיכטע

פון אוראַלטע צייטען ביז היינטיגען טאָג

פאַרמעהרט מיט א

פולשטענדיגע געשיכטע פון אידישען פאָלק

באַרבייט פון

**א. ח. ראָזענבערג**

אונטער דער רעדאַקציע פון

**אלכסנדר האַרקאַווי**

**אין צוועלף גרויסע בענדער אילוסטרירט**

5,500 זייטען 850 אילוסטראַציעם

אין צוויי אויסגאַבעם:

פאָלקאויסגאַבע, געבונדען אין פראַכטפולען לייב-רערי-קלאַטה, גילט טאָפ. פרייז $30.00

דע לוקס-אויסגאַבע, געבונדען אין האַלב-לעדער, פול גאָלדשניט, פרייז $50.00

**HEBREW PUBLISHING COMPANY**

**New York**